# דער וועג

פון דזשעק לאַנדאָן.

איבערזעצט פון

ת. ראָזענפעלד.



פאַרלאַג „ניי-צייט“, ניו-יאָרק

1921

# אינהאלט:

# ווידוי.

אינ׳ם שטאאט נעוואדא האָב איך אמאָל אָפּגעליגנערט א פרוי. צוויי שעה נאָכאנאנד האָב איך געוועבט דעם ליגען, איינמאָל זיך ניט פארהיקעט, ניט רויט געוואָרען. איך וויל זיך פאר איהר ניט פאַרענטפערען. דאָס ניט, איך וויל אָבער די זאך ערקלערען. צום אומגליק ווייס איך ניט ווי מען רופט איהר און האָב ניט איהר אדרעס. אויב זי וועט לייענען אָט די שורות וועט זי מיר זיכער צושרייבען א בריעף.

נעוועזען איז דאָס אין רעגנע נעוואדא אינ׳ם זומער פון 1892. עס איז געוועזען יריד־צייט. קליינע גנבים, אלערליי שווינדלער און א גאַנצע מחנה הונגעריגע טרעמפּס האָבען באלאגערט דאָס שטעטעל ווי די היישעריקען. אָט די הונגעריגע טרעמפּס האָבען טאקע געמאכט דאָס שטעטעל פאר א „הונגעריג" שטעטעל. זיי האָבען אזוי אָפּט „געהאַקט" אין די הינטער־טירען פון די שטאַטיגע באַלעבאַטים ביז מען האָט זיי גאָר אויפגעהערט צו ענטפערען.

א ביטער שטעטעל מיט „לצים", — פלעגען די טרעמפּס אין יענער צייט דאָס רופען. ניט איינמאָל האָב איך א מאָלצייט פאַרפעהלט, הגם איך האָב געקאָנט גלייך ווי אלע אנדערע „פּארקאַטשען די פּיס אויף די פּלייצעס" און קלאַפּען אין די טויערן, זוכען עפּעס א „נתינה", אַן „עק־טיש" אָדער גאָר צונויפקלאַפּען א פּאָר מטבעות אין גאַס. מיר איז איינמאָל אזוי שלעכט געוואָרען אין אָט דעם שטעטעל, אַז איך ביז אוועק צום וואקזאָל און זיך שטילערהייט ארייגעכאפּט אינ׳ם פּריוואַטען וואַגאָן פון א רייזענדען מיליאָנער. דער צוג האָט זיך גערירט. דער שווייצאָר

האָט זיך גלייך א לאָז געטאָן נאָך מיר, אָט־אָט כאַפּט ער מיך אָן ביים קאָלנער. עס איז געוואָרען זודיג־הייס, נור איך בין שוין געשטאַנען נעבען מיליאָנער. פאַר הכנות איז שוין קיין צייט ניט געבליבען. „גי׳ מיר אַ קוואָדער אויף עכען“, האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט. און ווי איהר זעהט מיך לעבען, דער מיליאָנער האָט אריינגעלעגט די האַנט אין קעשענע און האָט מיר געגעבען... פּונקט... א קוואָדער. איך וואָלט געמעגט שווערען, ער איז אזוי פאַרטומעלט געוואָרען, אז ער האָט מיך געפאָלגט אוטאָמאַטיש. נאָכדעם האָב איך זיך אויסגעגעסען די גאַל, פאַרוואָס איך האָב איהם ניט געבעטען קיין דאָלאַר. איך וואָלט איהם זיכער געווען געקראָגען. איצטער האָב איך געמוזט אראָפּ פון׳ם לויפענדען צוג און, מיט א קונציגען מאַנעוור אויסמיידען דעם שווייצאַר, וואָס האָט מיר ־ק געוואָלט אריינפאָרען אין באַק. ער האָט מיר דוקא ניט געטראָפען. עס ווערט שלים ביז גאָר, ווען מען דאַרף אראָפּ־שפּרינגען פון׳ם נידעריגסטען פּלאַטפאָרם־טרעפּעל פון א וואַגאָן, וואו מען קען אויפ׳ן אָרט ברעכען האַלז־און נאַקען, ניט אויפשטעהן שוין קיין לעבעדיגער, און דאָ, אויבען, אויף דער פּלאַטפאָרם, שטעהט אַ צוויאַשעטער עטיאָפּיער און וויל אייך אַריינפאָרען מיט אַ נומער עלף. אָבער אַ קוואָדער האָב איך! איך האָב איהם!

נאָר לאָמיר זיך צוריקקערען צו דער פרוי, וואָס איך האָב אזוי מיאוס אפּגעליגנערט. געווען איז דאָס אין אווענט פון׳ם לעצטען טאָג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין רענא. יענעם טאָג בין איך געווען אויפ׳ן וועט־לויף פּלאַץ, געקוקט ווי די פערדלאַך לויפען און פאַרפעלט עסען מיטאַג. איך בין געווען טויט־הונגעריג. און צו די צרות האָט מען נאָר־וואָס אינ׳ם שטעטעל געהאַט אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט פון געזעלשאַפטליכער זיכערהייט, כדי דאָס צו באַפרייען פון אַזעלכע הונגעריגע מה־יעשה׳ניקעס ווי איך. דאָס געזעץ האָט שוין געהאַט צוגויפגעקליבען אַ מענגע פון מיינע ברידער־טרעמפּס, און איך האָב דערהערט די זוניגע טאָלען פון קאַליפאָרניע מיך רופען דורך די קאַלטע שפּיצען פון די סיערראַס. צוויי זאַכען האָב איך געמוזט אָפּטאָן איידער איך האָב געקענט אַפּטרייסלען פון מיינע

פים דעם שטויב פון רענא. ראשית, האָב איך יענע נאַכט זיך גע־מוזט ארויפכאַפּען אויף א בלינדער פּלאַטפאָרם פון א צוג, וואָס לויפט אין דער וועסט. צווייטענס — קריגען עפּעס צו עסען. אפילו די יוגענד אליין וואָלט ניט געוואַגט הונגעריגערהייט זיך ארויסלאָזען אויף א גאַנצער נאַכט צו פאָרען אויף א פּלאַטפאָרם פון א צוג, וואָס לויפט דורך טונעלען, און אייביגע שנעען פון די הימעל־הויכע בערג.

צו קריגען עפּעס אין מויל אריין איז אָבער געווען א גאַנץ שווערער עסק. אין א צענדלינג הייזער האָט מען מיר געוויזען די טיר. טיילמאָל האָט מען מיך גאָר אָנגעזידעלט און מיר מודיע געווען וועגען דער צוגעריגעלטער דירה, וואָס וואַרט אויף מיר און וועלכע איך האָב זיך כשר פאַרדינט. די צרה איז, וואָס אַט די באהויפּטונגען זענען טאַקע געווען אמת. אַט דערפאַר טאַקע האָב איך זיך געוואָלט אוועקלאָזען יענע נאַכט אין דער וועסט. דאָס גע־זעץ איז געווען וואַך און האָט גענישטערט די הונגעריגע און היימ־לאָזע, פאַר וועמען אייגענטליך די דירה מיט די גראַטעס איז גע־ווען צוגעגרייט.

אין אנדערע הייזער האָט מען די טיר פאַרהאַקט מיר אין פּנים, פאַרקירצט מיין העפליך־ און הכנעה'דיג־אויסגעשטעלטע בקשה מיר געבען עפּעס צו עסען. אין איין הויז האָט מען די טיר ניט געעפענט. שטעה איך אויפ'ן גאַניקעל און קלאַפּ און פון אינווייניג קוקט מען צו מיר ארויס דורכ'ן פענסטער. אַט טוען זיי א הויב א קליין געזונט אינגעלע: זאָל ער אויך זעהען דעם טרעמפּ, וואָס וועט ביי זיי אין הויז קיין עסען ניט באַקומען.

ווי עס שיינט, וועל איך זיך שוין מוזען אראָפּכאַפּען צו די גאָר אָרימע נאָך שפּייז. די אָרעמסטע זענען די לעצטע זיכערע רעטונג פון דעם הונגעריגען טרעמפּ. אויף זיי קען מען זיך שטענ־דיג פאַרלאָזען. זיי קעהרען זיך קיינמאָל ניט אָפּ פון דעם הונגעריגען. אומעטום, איבער אלע פאַראייניגטע שטאַאַטען האָט מען מיר ווי־פיל מאָל אָפּגעזאָגט צו געבען עסען אין דעם גרויסען הויז אויפ'ן באַרג; און שטענדיג האָב איך געקראָגען עסען אין דעם קליינעם

שטיבעל נעבען טייכל אָדער זומפּ, מיט זיינע צעבראָכענע פענסטער, פאַרשטעקטע מיט שמאַטעס, מיט זיין אויסגעמאַטערטער מוטער. אַה, איהר צדקה־הענדלער! געהט צו די אָרעמע זיך לערנען, ווייל נאָר די אָרעמע אליין זענען אמת'ע בעלי־צדקה. זיי גיבען ניט און קאַרגען ניט פון זייער איבערפלוס. זיי האָבען גאָרניט קיין איבערפלוס. זיי גיבען שטענדיג דערפון, וואָס זיי דאַרפען פאַר זיך, און גאַנץ אָפט דערפון, וואָס זיי דאַרפען דרינגליך־נויטיג פאַר זיך אליין. צוּוואַרפען דעם הונט א ביין — איז ניט קיין צדקה. צדקה איז — טיילען דעם ביין מיט'ן הונט, בעת איהר זייט אַזוי הונגעריג ווי דער הונט.

איין הויז, וואו מען האָט מיר גאָרניט געגעבען האָט זיך מיר באַזאָנדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון. די פענסטער פון דער וועראַנדע זענען ארוים צום עס־צימער, דורך וועלכע איך האָב געזעהען א מאַן זיצען און עסען א קוכען — א גרויסען פלייש־קוכען. איך שטעה אַזוי אין דער אָפענער טיר, ער רעדט מיט מיר און עסט דערווייל ווייטער. ער איז געווען א פאַרמעגליכער און צוליב זיין הצלחה האָט ער, געוועהנליך, געקוקט פון אויבען אראָפּ אויף זיינע ווייניגער גליקליכע ברידער.

האָקט ער מיר גלייך איבער מיין בקשה צו געבען עסען און שיסט ארויס:

„איך גלויב גאָר ניט, דו זאָלסט וועלען ארבייטען".

דאָס האָט זיך גאָר ניט אָנגעקערט צום ענין. איך האָב אפילו קיין וואָרט ניט דערמאָנט וועגען ארבייט. די טעמע פון דעם געשפּרעך, וואָס איך האָב פאָרפירט איז גאָר געווען: „שפּייז". אַרבייטען האָב איך טאַקע ניט געוואָלט. איך האָב גאָר יענע נאַכט זיך געוואָלט ארויפכאַפּען אויפ'ן צוג, וואָס געהט אין דער וועסט.

— דו וועסט ניט ארבייטען ווען דו האָסט אפילו א געלעגענהייט, — רייצט ער מיך ווייטער.

איך כאַפּ א קוק אויף זיין מילדער פרוי און זעה, אַז ווען ניט אָט דער צערבערוס, וואָלט איך שוין געקראָגען א חלק פון דעם פלייש־קוכען. אָבער צערבערוס איז איינגעטונקען אין'ם קוכען, און

איך זעה אז איך מוז איהם איבערבעטען. אויב איך וויל נאר באַ־קומען א חלק. טו איך א זיפץ און נעם אָן זיין ארבייט־מאַראַל.

— פארשטעהסט זיך, איך וויל ארבייטען — נאר איך איהם.

— כ׳גלויב דאָס נישט. — הירזשעט ער ארויס.

— פּרואוו מיך אויס, — ענטפער איך, צופּאַסענדיג זיך צום ליגען.

— גוט, — זאָגט ער, — קום צוגעהן מאָרגען אינדערפריה צום ראַג פון דער און דער גאַס (איך האָב פארגעסען דעם אדרעס) — דו ווייסט דאָך וואו די אפּגעברענטע געביידע איז, און איך וועל דיך שטעלען צו דער ארבייט, ארויפוואַרפען ציגעל.

— גוט, מיין הער; איכ׳ל דאָרטען זיין.

ער טוט א וואָרטשע און עסט ווייטער. וואַרט איך. אין א פּאָר מינוט ארום טוט ער אויף מיר א קוק מיט אַ „א י ך־ה א ב־ג ע מ י י נ ט,־א ז ד ו־ב י ס ט־ש ו י ן־נ י ט א“ — אויסדרוק אויף זיין פּנים און פרעגט:

— נו?

— איך... איך וואַרט, כ׳וויל עפּעס עסען, — טו איך איי־דעל א זאָג.

— איך האָב אָבער געוואוסט, דו וועסט ניט ארבייטען! ברומט ער ארויס.

ער איז, פארשטעהסט זיך, געווען גערעכט; נאר צו דעם שלום איז ער אָבער געקומען דורך לייענען מיינע געדאַנקען, ווייל זיין לאָגיק האָט דאָס באַיין אופן ניט געקענט אויסדרינגען. נאר דער בעטלער ביי דער טיר מוז שטעהן מיט הכנעה, נעהם איך אָן זיין לאָגיק, ווי איך האָב אנגענומען זיין מאַראַל.

— איהר פארשטעהט, איך בין איצט הונגעריג, — זאָג איך נאָך איידעלער. — מאָרגען אינדערפריה וועל איך זיין נאָך מעהר הונגעריג. באַרעכענט נאָר, ווי הונגעריג איך וועל זיין, ווען איך וועל וואַרפען ציגעל א גאַנצען טאָג אָהן עסען. אויב איהר וועט מיר איצט געבען עפּעס צו עסען, וועל איך נאָר אַנדערש קענען ארבייטען מאָרגען ביי די ציגעל. —

פאַרטראַכט ער זיך אַזוי ערענסט איבער מיין ענטפער, און דערווייל עסט ער ווייטער, און זיין פרוי ציטערט אַזש, אַט־אַט מישט זי זיך אריין און בעט אונז איבער, אָבער זי האַלט זיך אָפּ.

— הער וואָס איכ'ל דיר זאָגען — מאַכט ער צו מיר און קייעט אַלץ, — דו קום צו דער ארבייט מאָרגען און ארום מיטאָג־צייט וועל איך דיר געבען גענוג געלט אויף א מאַלצייט. און לאָמיר זעהען צו דו ביסט טאַקע ערענסט צו נייז.

— אין דער זעלביגער צייט — פאַנג איך אָן; נאָר ער שלאָגט מיר גלייך איבער.

— אויב איכ'ל דיר איצטער עפּעס געבען צו עסען — וועל איך דיך שוין קיינמאַל מעהר אין די אויגען ניט זעהען. יאָ, איך קען אייער חברה. טו א קוק אויף מיר. איך בין קיינעם ניט שול־דיג. איך האָב זיך נאָך קיינמאָל ניט אַראָפּגעלאָזט אזוי נידעריג צו בעטען ביי עמיצען שפּייז. אויף מיין עסען האָב איך שטענדיג פאַרדינט. די צרה מיט דיר איז, וואָס דו ביסט פויל און צעלאָזען. איך זעה דאָס אויף דיין פּנים. איך האָב געארבייט און בין געוועזען אָרענטליך. וואָס איך בין איצטער האָב איך פון זיך אליין גע־מאַכט. דו קענסט אויך טאָן דאָס זעלביגע, ווען דו ארבייטסט נאָר און ביסט אָרענטליך.

— ווי איהר? פרעג איך.

אַך! קיין איין שטראַל פון הומאָר האָט נאָך קיינמאָל ניט דורכגעדרונגען די טונקעלע, אין ארבייט צואווייקטע נשמה פון אָט דעם מענשען.

— יאָ, ווי איך, — ענטפערט ער.

— מיר אַלע? פרעג איך.

— יאָ, איהר אַלע, — ענטפערט ער איבערצייגענד.

— אָבער, — זאָג איך: — ווען מיר אלע ווערען ווי איהר, ווער וואָלט פאַר אייך געשלעפּט ציגעל?

איך מעג שווערען, אַז א שמייכעל האָט א פינקעל געטאָן אין זיין פרוי'ס אויגען. ער אָבער איז פאַרציטערט געוואָרען — צי האָט אויף איהם געווירקט די שרעקליכע מעגליכקייט פון א רע־

פארמירטער מענשהייט, וואו ער וועט ניט קענען קריגען קיין ציי־נעל־וואַרפער, צי מיין חוצפה — דאס וועל איך שוין קיינמאל ניט וויסען.

— וואס וועל איך מיט דיר מענה'ן, — האט ער א ברום געטאן: — פארנעם זיך פון דאנען, דו אומדאנקבארער יונג!

טו איך א שאר מיט די פיס צו צייגען, אז איך האב בדעה אוועקצוגעהן און פרעג: — און קיין עסען קריג איך ניט?

פלוצלונג שטעלט ער זיך אויף. א מענש איז ער געווען א גרויסער און איך בין דאך א פרעמדער אין א פרעמד לאנד און דער־צו זוכט מיך קהל. איך טראג זיך האסטיג אפ. „אבער פארוואס אומדאנקבאר", פרעג איך זיך אליין, א קלאפ טוענדיג מיט'ן טויער „וואס אזוינס, צום טייוועל, האט ער מיר געגעבען, איך זאל איהם דאנקבאר זיין?" איך כאפ א קוק הינטערווייליגכס. אט זעה איך איהם דורכ'ן פענסטער. ער נעהמט זיך ווידער צום קוכען.

אט איצטער האב איך שוין גאר פארלארען מיין מוט. א סך הייזער בין איך פארבייגעגאנגען און ניט געוואגט אפילו צוגעהן. אלע הייזער האבען געהאט איין פנים און קיין איינס האט ניט אויס־געזעהן „גוט". געה איך אזוי דורך עטליכע קווארטאלען, טריי־סעל אביסעל אפ פון זיך די פארצווייפלונג און נעהם זיך אן מיט מוט. בעטלען שפייז איז סך הכל געווען א מין שפיל, און גע־פעלען מיר ניט די קארטען, האב איך שטענדיג די ברירה אנ־פאנגען איבערנייס א קאן. באשליס איך זיך א נעהם טאן צום נעקס־טען הויז. געה איך צו דעם צו, ס'איז שוין געווען היפשלאך פינס־טער, און טו זיך א לאז צו צו דער קיך־טיר.

איך קלאפ שטיל אן אין טיר און דערזעה א ליעב געזיכט פון א מיטעליעהריגער פרוי ארויסקומען מיר צו ענטפערן. אין דער רגע איז ווי דורך רוח־הקודש אריין צו מיר די „מעשה", וואס איך האב באדארפט דערצעהלען. איהר דארפט וויסען, אז דער ערפאלג פון א בעטלער הענגט אפ פון זיין פעהיגקייט צו דערצעהלען א שעהנע מעשה. קודם כל און טאקע אין איין רגע מוז דער בעטלער „תופס זיין" זיין קרבן. נאכדעם דארף ער דערצעהלען א מעשה, וואס זאל

אפעלירען צו דער ספעציעלער פערזענליכקייט און טעמפעראמענט פון אט דעם קרבן. און טאקע דא ליגט די גרויסע שווערינקייט: אין דעם מאמענט ווען ער איז תופס זיין קרבן מוז ער גלייך אנ־פאנגען זיין געשיכטע. קיין איין מינוט קען מען ניט אפשפארען אויף זיך צוגרייטען. מיט דער שנעלקייט פון א בליץ מוז ער באגרייפען די נאטור פון דעם קרבן און אויפפאסען א געשיכטע, וואס זאל מאכען א רושם. דער ערפאלרייכער טרעמפ מוז זיין א קינסטלער. ער מוז שאפען ספאנטאן און מאמענטאל — און ניט אויף א טעמע, וועלכע ער קלייבט זיך אוים פון זיין רייכער פאנ־טאזיע, נאר אויף דער טעמא, וועלכע ער לייענט ארוים פונ'ם פנים פון דער פערזאן, וואס עפענט איהם די טיר, מעג דאס זיין א ותרן אדער א קארגער, א גוטמוטיגער אדער א בייזער, א מאן, א פרוי אדער א קינד, א צוגעלאזטער אדער א ברוגז'ער, א איד אדער א קריסט, א שווארצער אדער א ווייסער, מעג ער האבען ראסען־פאראורטיילען אדער זיין ברידערליך געשטימט, א קליינ־שטעטעלדיגער אדער א גרויס־שטאטיגער, אדער וואס ער זאל ניט זיין. אפט טראכט איך, אז פאר א גרויסען טייל פון מיין ער־פאלג אלס דערצעהלונגס־שרייבער האב איך צו פארדאנקען אט דער איבונג אין מיינע טרעמפ־יאהרען. כדי צו קריגען שפייז פאר זיך האב איך געמוזט דערצעהלען מעשיות, וואס האבען גע־קלונגען ווי אמת'דיגע. ביי דער הינטער טיר ווערט צוליב דער דרינגענדער נויט אנטוויקעלט די איבערצייגונגס־קראפט און די אויפריכטיגקייט, וואס אלע אויטאריטעטען האלטען אלס יסוד אין דער קונסט פון דער קורצער ערצעהלונג. אויך גלויב איך, אז מיין טרעמפ־לעבען האט מיך געמאכט פאר א רעאליסט. רעאליזם איז די איינציגע סחורה, וועלכע מען קאן ביי דער קיך־טיר אויס־טוישען אויף עסענוואדג.

נאך אלעמען איז קונסט מעהר ניט ווי די העכסטע מדרגה פון געשיקטקייט, און געשיקטקייט ראטעוועט ניט איינמאל אפ א „מעשה". איינמאל, געדענק איך, בין איך אין ווינעפיג, מיני־טאבא, געלעגען אין א פאליציי־צירקעל. איך האב זיך דעמאלט

געהאט געלאזט אין דער וועסט, פארענדיג מיט א „קאנאדא־פאסי־פישען צוג. פארשטעהט זיך, די פאליציי וויל וויסען מיין געשיכטע. נו, האב איך זיי דערצעהלט די געשיכטע, געיאגט פונ'ם מאמענט. אויפ'ן קאנטינענט זענען זיי געוואלדיג אומערפארענע מאטראזען, און וואס קען זיין בעסער פאר זיי, ווי די געשיכטע פון א ים־רייזע? אין א ליגען קענען זיי דאך קיינמאל מיך ניט כאפען. און איך האב זיי דעריבער דערצעהלט א וויינענדיגע מעשה וועגען מיין לעבען אויף דער גהינום־שיף ג ל ע נ מ א ר. (איך האב איינמאל געזעהען די שיף ג ל ע נ מ א ר געאנקערט אין דעם סאן־פראנציסקא אויסגום.)

איך בין געוועזן אן ענגלישער לערנאיינגעל, זאג איך. זאגען זיי, אז איך רייד ניט ווי אן ענגלישער איינגעל. אין דער רגע האב איך שוין געמוזט שאפען. געבארען און ערצויגען געווארען בין איך אין די פאראייניגטע שטאאטען. נאד'ן טוידט פון מיינע עלטערן, האט מען מיך אפגעשיקט קיין ענגלאנד צו מיין זיידען. ער האט עס מיך אפגעגעבען אלס לערנאיינגעל אויף דער שיף ג ל ע נ מ א ר. איך האף, אז דער קאפיטאן פון דער ג ל ע נ מ א ר וועט מיר מוחל זיין פאר דעם כאראקטער וואס איך האב איהם אין יענער נאכט צוגעגעבען אין דעם וויניפעגער פאליציי־צירקעל. אזא גרויזאמקייט! אזא ברוטאליטעט! אזא טייוועלשע געניאליטעט צו פייניגען מענשען. דאס האט ערקלערט, פארוואס איך בין אין מאנטריאל אנטלאפען פון דער שיף גלענמאר.

ווי אזוי קום איך אין דער סאמע מיט פון קאנאדא און פאהר איצטער אין דער וועסט, ווען מיין זיידע האט געלעבט אין ענגלאנד? שנעל האב איך באשאפען א פארהייראטע שוועסטער, וועלכע וואוינט אין קאליפארניע. זי וועט שוין אויף מיר אויפפאסען. ברייטלאך האב איך אפגעמאהלט איהר ליעבליכע נאטור. נאר די הארצלאזע פאליציי איז אבער נאך ניט אזוי שנעל פארטיג געווארען מיט מיר. אויף דער שיף בין איך ארויף אין ענגלאנד, צוויי יאהר האב איך אויף איהר געארבייט איידער איך בין אנטלאפען. וואס האט די שיף געטאן און וואו איז זי געוועזן אט די צוויי יאהר?

אַט איצטער האָב איך אַט די אומערערפאַרענע מאַטראָזען אַ געהם
געטאָן מיט זיך אויף אַ רייזע אַרום דער וועלט. געשליידערט פון
די ברויזענד ים־וואַסערן, געקוועלט פונ׳ם שטעכיגען וואַסער־שטויב
האָבען זיי צוזאַמען מיט מיר געקעמפט מיט אַ טיפון אַרום די ברעג־
גען פון יאַפּאַן. זיי האָבען צוזאַמען מיט מיר געלאָדען און אויס־
געלאָדען שיפען אין אַלע פּאָרטען פון די זיבען ימים. איך האָב זיי
מיטגענומען קיין אינדיען, ראַנגון און כינאַ, און האָב זיי געלאָזט
ברעכען צוזאַמען מיט מיר דעם אייז אַרום דעם פאַרגעבירג האָרן,
ביז וואַנען מיר האָבען לסוף געאַנקערט אין מאָנטרעאַל.

און דאַמאָלסט האָבען זיי מיר געהייסען וואַרטען אַ ווייל, און
איין פּאָליציי־מאַן איז ערגעץ אַוועק אין דער נאַכט אַריין, בעת
איך האָב זיך געוואַרימט ביים אויוועז, ברעכענדיג זיך דעם קאָפּ
צו טרעפען, אין וואָס פאַר אַ פּאַסטקע זיי וועלען מיך דאָס באַלד
אַריינגנאַרען.

עס האָט זיך מיר אָפּגעריסען אין האַרצען, ווען איך האָב איהם
דערזעהען ביי דער טיר, פאָלגענדיג נאָך דעם פּאָליציי־מאַן. ניט
קיין ציגיינערישער קאַפּריז האָט עס דורכגעשטאָכען די דאָזיגע
קליינטשינקע גאָלדענע רינגעלאַך דורך זיינע אויערען; ניט קיין
פרעירי־ווינטען האָבען די דאָזיגע הויט פאַרוואַנדעלט אין גע־
קנייטשטען לעדער; און ניט קיין שנע־שטורעמס און משופּע׳דיגע
בערג האָבען איהם צוגעגעבען דעם דאָזיגען וואַקלענדיגען גאַנג.
ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, האָב איך דערזעהען אין זיינע
אויגען דעם אומצווייפעלהאַפטען שטעמפּעל פון דער זון אויפ׳ן ים.
דאָס איז געווען אַ טעמע, וואָס איך האָב באַדאַרפט איבערלייענען
אונטער די אויפמערקזאַמע בליקען פון אַ האַלבען טוץ פּאָליציי־
לייט — איך, וועלכער איז קיינמאָל נישט געשוואומען איבער די
כינעזישע ים׳ען, נישט געווען אַרום דעם פאַרגעבירג האָרן און
נישט אָנגעקוקט פאַר די אויגען ניט אינדיען און ניט ראַנגון.

איך בין געווען אין פאַרצווייפלונג. דאָס אומגליק איז צוגע־
טראָטען צו מיר, פאַרקערפּערט אין דער פאָרם פון אַט דעם פאַר־

הארטעוועטען פון געוויטער און מיט גאלדענע אוירינגלאך באציר־
טען זוהן פון ים. ווער איז ער געווען? וואס איז ער געווען? איך
איך האב געמוזט אויפסניי זיך אריענטירען אין מיין לאגע, א־ניט
וואלטען די דאזיגע בייזע פאליציי־לייט מיך פארנומען אין א צעל,
דערנאך אין פאליציי־געריכט, און דערנאך אין אנדערע געפענגע־
ניש־צעלען. ווען ער וואלט דער ערשטער מיך אויסגעפרעגט, איי־
דער איך וואלט געוואוסט, וויפיעל ער האט געוואוסט, וואלט איך
געווען פארלארען. צי האב איך אבער ארויסגעגעבען מיין פארצוויי־
פעלטע לאגע פאר די דאזיגע שארפזיכטיגע היטער פון געזעלשאפט־
ליכער זיכערקייט אין וויניפעג? נישט איך. איך האב באגעגענט
דעם דאזיגען עלטערען מאטראז מיט א צופרידענער און שטראלענ־
דיגער מינע, מיט דער גאנצער כלומר׳שטער דערלייכטערונג, וואס
יינער, וואס טרינקט זיך, וואלט ארויסגעוויזען, געפינענדיג אין
זיין לעצטען פארצווייפעלטען צאפלען זיך א שווים־גארטעל. אט־
דאס איז א מענש, וואס פארשטעהט, און ער וועט באשטעטיגען
מיין אמת׳דיגע מעשה פאר די אויגען פון די דאזיגע שפיר־הינט,
וועלכע פארשטעהען נישט, — אזוי צום ווענינגסטען האב איך גע־
שטרעבט דורכצופיהרען מיין ראל. איך האב זיך אן איהם אנגע־
כאפט; איך האב גענומען באווארפען איהם מיט פראגעס וועגען
איהם גופא. אין אנגעזיכט פון מיינע ריכטער האב איך געוואלט
אויספרואווען דעם כאראקטער פון מיין רעטער נאך איידער ער
האט מיך געראטעוועט.

ער איז געווען א גוטמוטיגער מאטראז — נישט קיין איבער־
געשפיצטער. די פאליציי־לייט זיינען געווארען אומגעדולדיג, בעת
איך האב איהם אויסגעפרעגט. צום סוף האט איינער פון זיי מיך
געהייסען פארמאכען דאס מויל. איך בין אנטשוויגען געווארען;
אבער בעת איך האב געשוויגען, האב איך דערווייל געהאלטען אין
אויסטראכטען און אנצייכענען דאס סצענאריום פון דעם קומענ־
דיגען אקט. איך האב גענוג געלערנט צו קענען איהם דורכפיהרען.
ער איז געווען א פראנצויז. ער איז אלע מאל געשוואומען אויף
פראנצויזישע האנדעלס־שיפען, מיט דער איינציגער אויסנאם פון

א רייזע אויף א בריטישער שיף און צום סוף — א גליקליבער פאקט! — ער איז שוין צוואנציג יאהר נישט געווען אויפ'ן ים.

דער פאליציי־מאן האט איהם אונטערגעטריבען צו נעמען מיך אויפ'ן פארהער.

— איהר האט באזוכט ראנגון? — האט ער געפרעגט.

איך האב צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— מיר האבען דארטען אונזער דריטען שטייערמאן אראפגע־לאזט אויפ'ן ברעג. פיבער.

ווען ער וואלט מיך געפרעגט, וואס פאר אן מין פיבער, וואלט איך געווען ענטפערען — „אנטצינדונג פון די געדערים". כאטש פרעגט מיך בחרם וואס דאס איז אזוינס פאר א קרענק. ער האט מיך אבער דאס נישט געפרעגט. זיין צווייטע פראגע איז גאר גע־ווען:

— און ווי איז עפעס ראנגון?

— גאנץ פיין. ס'האט זעהר פיעל גערעגענט, ווען מיר זיינען דארט געווען.

— האט איהר געקראגען אורלויב?

— זיכער, — האב איך געענטפערט. — דריי פון אונז, לער־יונגען, זיינען צוזאמען אראפ אויפ'ן ברעג.

— געדענקסטו דעם טעמפעל?

— וועלכען טעמפעל? — האב איך געפרואווט זיך ארויסצו־דרעהען.

— דעם גרויסען, אויבען, אויף די טרעפ.

איך האב געוואוסט, אז ווען איך וואלט געדענקט דעם טעמ־פעל, וואלט איך איהם באדארפט באשרייבען. עס האט זיך פאר מיר געעפענט א תהום.

איך האב א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ אויף „ניין".

— מען קאן איהם זעהן אומעטום פון דעם האפען, — האט ער מיר געלאזט וויסען. — מען מוז נישט דוקא אראפגעהן אויפ'ן ברעג צו זעהן דעם דאזיגען טעמפעל.

איך האב קיינמאל אין מיין לעבען נישט געפיהלט אזא שמאר־

קען האָם צו אַ טעמפעל. איך האָב איהם אָבער צורעכט געמאַכט, דעם דאָזיגען טעמפעל פון ראַנגון.

— איהר קאָנט איהם נישט זעהן פון דעם האַפען, — האָב איך אַפּגעלייקענט זיינע ווערטער. — איהר קאָנט איהם נישט זעהן פון שטאָט. איהר קאָנט איהם נישט זעהן אין דער הויך, פון די טרעפּ. ווייל... — איך האָב זיך אָפּגעשטעלט צוליעב'ן עפעקט — ווייל עס איז דאָרט נישט פאַראַן קיין שום טעמפעל.

— אָבער איך האָב איהם דאָך אַליין געזעהען מיט מיינע אייגענע אויגען! — האָט ער אויסגערופען.

— דאָס איז געווען אין...? — האָב איך געפרעגט.

— אין איין־און־זיבעציגסטען יאָהר.

— ער איז פאַרניכטעט געוואָרען אין דער גרויסער ערד־ציי־טערניש פון 1877 — האָב איך איהם דערקלערט. — עס איז גע־ווען אַ זעהר אַלטער טעמפעל.

מיר זיינעןביידע שטיל געבליבען. ער האָט זיך באַמיהט פאַרצושטעלען זיך פאַר זיינע אַלטע אויגען דאָס ווייטע בילד פון דעם שעהנעם טעמפעל ביים ים.

— די טרעפּ זיינען נאָך אַלץ דאָרט, — האָב איך איהם אַרוים־געהאָלפען. — איהר קאָנט זיי זעהן אומעטום פון דעם האַפען. און איהר געדענקט יענעם קליין אינזעל ביי דער רעכטער זייט, וואָס קומט אַריין אין האַפען? — איך רעכען, אַז דאָרט האָט טאַקע געמוזט זיין אַן אינזעל (איך בין געווען גרייט אַריבערצוציהען עס אויף דער לינקער זייט), ווייל ער האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— נישטאָ מעהר, — האָב איך צוגעגעבען. — זיבען קלאַפטער וואַ־סער דעקען איהם איצטער צו.

איך האָב געוואונען אַ מאָמענט אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם. בעת ער האָט זיך פאַרטראַכט איבער די ענדערונגען פון דער צייט, האָב איך דערווייל צוגעגרייט די לעצטע שטריכען פון מיין מעשה.

— איהר געדענקט דאָס צאָל־הויז אין באָמבעי?

ער האָט עס געדענקט.

—אָפּגעברענט ביז'ן גרונט, — האָב איך געמעלדעט.

— געדענקסטו דזשים וואן? — האָט ער זיך ווידער אַמאָל גענומען צו מיר.

— געשטאָרבען, — האָב איך געזאָגט.

איך האָב אָבער נישט געהאַט דעם קלענסטען באַגריף, ווער עס איז, צום טייוועל, געווען אָט דער דזשים וואַן.

איך האָב זיך ווידער געפּונען אויף דינעם אייז.

— געדענקסט איהר בילי הארפער אין שאַנגאַי? — האָב איך איהם שנעל צוריקגעפרעגט.

דער אַלטער מאַטראָז האָט זיך פיעל אַנגעשטרענגט צו דער־מאַנען זיך, אָבער דער בילי הארפער פון מיין פאַנטאַזיע איז געווען אויסער זיין שוואַכען זכרון.

— זיכער געדענקט איהר בילי הארפער, — בין איך צו איהם צוגעשטאַנען. — יעדער איינער קען איהם. ער איז דאָרט געווען גאַנצע פערציג יאָהר. ער איז נאָך איצט אויך דאָרט.

און דאַמאָלסט איז געשעהען דער נס. דער מאַטראָז האָט גע־דענקט בילי הארפער. אפשר האָט טאַקע געלעבט אַ בילי הארפער, און אפשר איז ער טאַקע געווען אין שאַנגאַי פערציג יאָהר און איז נאָך איצט אויך דאָרט; פאַר מיר איז דאָס אָבער געווען אַ נייס.

נאָך אַ האַלבע שטונדע לענגער האָב איך אויף אַזאַ אופן זיך דורכגערעדט מיט'ן מאַטראָז. צום סוף האָט ער געזאָגט די פּאָלי־ציי־לייט, אַז איך בין געווען דער, פאַר וועמען איך האָב זיך פאַר־געשטעלט, און נאָכדעם, ווי איך האָב אין דעם פּאָליציי־צירקעל איבערגענעכטיגט און האָב דאָרט אָפּגעגעסען אָנבייסען, האָט מען מיך אָפּגעלאָזט פריי צו וואַנדערען צו דער וועסט צו מיין פאַרהייר־ראַטער שוועסטער אין סאַן פראַנציסקאָ.

איך וועל זיך צוריקקערען צו דער פרוי אין רענאָ, וועלכע האָט אין אַ שפּעטער פאַרנאַכט־שטונדע געעפענט פאַר מיר איהר טיר. ביים ערשטען אָנבליק פון איהר גוט־מוטיגען געזיכט בין איך שוין אַריין אין מיין ראָל. איך בין געוואָרען אַ ליבליך, אומשולדיג און אומגליקליך בחור'ל. איך האָב נישט געקאָנט רעדען. איך האָב געעפענט דאָס מויל און עס צוריק צוגעמאַכט. איך האָב נאָך

קיינמאָל אין לעבען נישט געבעטען ביי קיינעם קיין עסען. מיין פאַרלעגענהייט איז געווען אַ שמערצליכע, אַן אויסערגעוועהנליכע. איך האָב זיך געשעמט. איך, וואָס האָב געקוקט אויף בעטלעריי, ווי אויף אַן אינטערעסאַנטען שפּיל, בין מגולגל געוואָרען אין אַן עכטען זוהן פון אַ חשוב'ער באַלעבאַסטע, איבערגעלאָדען מיט איהר גאַנצער בורזשואַזער מאָראַל. נאָר די שווערע הונגער־ליידען האָבען מיך געקאָנט צווינגען צו טאָן אַזאַ נידעריגע און געמיינע זאַך, ווי בעטלען עסען. און איך האָב דערביי געשטרעבט צוצוגע־בען צו מיין פּנים דעם אויסדרוק פון אַנגעכמורעטער צעטראָגענ־קייט פון אַן אויסגעהונגערטען און נאַאיווען בחור'ל, וואָס איז נישט געוואוינט צו בעטלעריי.

— דו ביסט הונגעריג, מיין אָרים אינגעל, — האָט זי אַרויס־געזאָגט.

איך האָב איהר געלאָזט רעדען די ערשטע.

איך האָב צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָב אַ שלוק געטאָן.

— דאָס קומט מיר אוים דאָס ערשטע מאָל... צו בעטען, — האָב איך אַרויסגעשטאַמעלט.

— קום אַריין, — די טיר האָט זיך ברייט פאַנאַנדערגעעפענט.

— מיר האָבען שוין גראָד אָפּגעגעסען, נאָר דער אויווען ברענט און איך קאָן עפּעס צוגרייטען פאַר דיר.

זי האָט מיך נעהענטער באַטראַכט, ווען איך בין אַריינגעקומען אין דעם ליכט.

— הלואי וואָלט מיין אינגעל געווען אַזוי געזונט און שטאַרק, ווי דו, — האָט זי געזאָגט. — ער איז אָבער נישט שטאַרק. ער פאַלט צייטענווייז. ער איז ערשט היינט ביי'טאָג געפאַלען און האָט זיך זעהר שטאַרק צעקלאַפּט, מיין טייער אָרים אינגעל.

זי האָט איהם מוטערליך געצערטעלט מיט איהר קול און איך האָב געחלש'ט צונעהמען אָט די צערטליכקייט. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף איהם. ער איז געזעסען אויף יענער זייט טיש, אַ שוואַכער און אַ בלאַסער. זיין קאָפּ אַרומגעוויקעלט מיט באַנדאַז־שען. ער האָט זיך נישט באַוועגט, אָבער זיינע אויגען ליכטיגע אין

דער שיין פון לאמפ. זיינע געווען אנגעשטעלט אויף מיר מיט אז אומבאוועגליכען און פארוואונדערטען בליק.

— פונקט ווי מיין ארימער פאטער, — האב איך געזאגט. — ער האט געהאט די פאלענדיגע קראנקהייט. עפעס א מין שווינדלעניש אין קאפ. דאס האט געבראכט אלע דאקטוירים אין פארווירונג. זיי האבען קיינמאל נישט געקאנט אויסגעפינען, וואס עס איז מיט איהם אזוינס געווען.

— איז ער טויט? — האט זי איידעל געפרעגט, אוועקשטעלענדיג פאר מיר א האלבען טוץ לויזע אייער.

— טויט, — האב איך א שלוק געטאן — ערשט פאר־צוויי וואכען. איך בין געווען נעבען איהם, ווען דאס האט געטראפען. מיר געהען ביידע אריבער די גאס, טוט ער א פאל, און קען שוין מעהר צו זיך נישט קומען. מען האט איהם אריינגעפיהרט אין אן אפטייק. דארטען איז ער אויסגעגאנגען.

און איך האב דערביי דערצעהלט מיט אלע פרטים די טרויעריגע געשיכטע וועגען מיין פאטער — ווי אזוי איך בין מיט איהם, נאך מיין מוטער'ס טויט, אוועקגעפארען פון דער פערם קיין סאן פראנציסקא; ווי אזוי זיין פענסיע (ער איז געווען אן אלטער סאלדאט) און דאס ביסעל געלט, וואס ער האט געהאט, איז נישט געווען גענוג; און ווי אזוי ער האט געפרואווט פארקויפען ביכער. איך האב אויך דערצעהלט וועגען מיינע אייגענע צרות פאר די עטליכע טעג נאך זיין טויט, וואס איך האב איינזאם און עלענד פארבראכט אויף די גאסען פון סאן פראנציסקא.

בעת די גוטע פרוי האט אנגעווארימט צוויבאק, געפרעגעלט פלייש און געקאכט נאך אייער, און בעת איך האב זיך אונטערגעאיילט צורעכט מאכען אליין, וואס זי האט פאר מיר אוועקגעשטעלט, האב איך אויסגעברייטערט דאס בילד וועגען דעם ארימען יתום און האב איבערגעגעבען אלע איינצעלהייטען. איך בין געווארען דאס ארימע אינגעל. איך האב געגלויבט אין איהם, פונקט ווי איך האב געגלויבט אין די פיינע אייער, וועלכע איך האב פארשלונגען. איך וואלט געקאנט וויינען איבער זיך אליין. איך

וויים, אַז צייטענווייז האָבען אין מיין שטים זיך טאַקע געפיהלט טרערען. עס איז געווען זעהר ריהרענד.

ווירקליך, ביי יעדען שטריך, וואָס איך האָב צוגעגעבען צום בילד, האָט די דאָזיגע גוטע נשמה מיר עפּען דערלאַנגט. זי האָט געמאַכט אַ פּעקעל עסען מיר מיטצוגעבען. זי האָט אַהין אַריינ־געלייגט אַ סך געקאָכטע אייער, פּעפער און זאַלץ, און אַנדערע זאַכען, און אַ גרויסען עפּעל. זי האָט מיר געשענקט דריי פּאָר גראָבע רויטע וואָלענע זאָקען. זי האָט מיר געגעבען ריינע טיכעלעך און נאָך אַנדערע זאַכען, וואָס איך האָב שוין פאַרגעסען. זי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטען אין איין קאָכען, און איך האָב געהאַלטען אין איין עסען. איך האָב זיך געשטאָפּט, ווי אַ ווילדער; אָבער דער וועג איבער די סיעראַס אויף אַ בלינדען פראַכט־וואַגאָן איז געווען אַ ווייטער, און איך האָב נישט געוואוסט ווען און וואו איך וועל קריגען מיין צווייטען מאָלצייט. און בעת מעשה איז איהר אייגען אומגליקליך אינגעל געזעסען ביים טיש, ווי אַ סקעלעט, שווייגענדיג און אומבאַוועגליך, און האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגען. איך שטעל זיך פאָר, אַז ער האָט אין מיר געזעהען אַ מענשען, וועמענס לעבען איז פול געווען מיט מיסטעריעס, ראָמאַנטיק און אַוואַנטורען — מיט אַלץ, וואָס איז נישט געווען דערגרייכבאַר פאַר זיינע שוואַכע כוחות. און דאָך האָט זיך מיר איינמאָל אָדער צווייימאָל נישט ווילענדיג אויסגע־דאַכט, אַז ער זעהט מיך דורך און דורך, ביז'ן סאַמע גרונט פון מיין בעטלערישען הארצען.

— וואוהין פאָרסטו איצט? — האָט זי מיך געפרעגט.

— קיין סאָלט לייק סיטי, — האָב איך געזאָגט. — איך האָב דאָרט אַ שוועסטער, אַ פאַרהייראַטע שוועסטער. (איך האָב זיך געוואָקעלט, צי זאָל איך נישט מאַכען פון איהר אַ מאָרמאָן, און האָב באַשלאָסען, אַז ניין.) — איהר מאַן איז אַ בלייי־ניסער, אַ קאָנטראַקטאָר.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז די קאָנטראַקטאָרס־בלייגיסער ווערען געוועהנליך פאַרעכענט פאַר מענשען, וואָס פאַרדינען אַ סך

געלט. איך האב זיך אבער שוין ארויסגערעדט. און איך האב עס געמוזט אויסבעסערען.

— זיי וואלטען מיר געשיקט געלט אויף מיין רייזע, ווען איך וואלט עס ביי זיי געבעטען, — האב איך דערקלערט. — זיי האבען אבער געהאט א חולה אין זייער פאמיליע און פארשיידענע געשעפטליכע שוועריגקייטען. זיין שותף האט איהם באשווינדעלט. און דערפאר האב איך זיי נישט געשריבען וועגען געלט. איך האב געוואוסט, אז איך וועל שוין ווי נישט איז זיך דורכשלאגען צו זיי. זיי האבען אודאי גערעכענט, אז איך האב גענוג געלט צו קומען קיין סאלט לייק סיטי. זי איז אזא ליעבע און אזא גוטע. זי איז אלע מאל געווען גוט צו מיר. איך רעכען, אז איך וועל זיך לערנען ביי איהם די מלאכה. זי האט צוויי טעכטער. זיי זיינען אינגער פון מיר. איינע איז נאך גאר א קינד.

פון אלע מיינע פארהייראטע שוועסטער, וועלכע איך האב פארשפרייט איבער די שטעט פון די פאראייניגטע שטאטען, איז די שוועסטער פון סאלט לייק ביי מיר די באליעבטסטע. זי איז אויך א גאנץ רעאלע שוועסטער. ווען איך רעד וועגען איהר, קאן איך זעהן זי, און איהרע צוויי מיידעלעך, און איהר מאן דעם בלייגיסער. זי איז א ברייטע מוטערליכע פרוי, — פון יענעם סארט, פארשטעהט איהר מיך, וועלכע קאכען אלע מאל פיינע זאכען און זיינען קיינמאל נישט אין כעס. זי איז א ברונעטין. איהר מאן איז א שטילער בחור, וואס נעמט זיך פון גארנישט צום הארצען. צייטענווייז קען איך איהם אויך גאנץ גוט. און ווער ווייסט, אפשר וועל איך איהם נאך אמאל באגעגענען? אויב דער אלטער מאטראז האט געקאנט גערענקען בילי הארפער, זעה איך נישט איין, פארוואס איך זאל נישט קאנען אמאל באגעגענען דעם מאן פון מיין שוועסטער, וועלכע וואוינט אין סאלט לייק סיטי.

פון דער אנדערער זייט, האב איך א געפיהל פון זיכערקייט, אז איך וועל קיינמאל נישט באגעגענען לעבעדיגערהייט מיינע פיעלע עלטערען און עלטער־עלטערען—איהר פארשטעהט, איך האב זיי אלע מאל אוועקגעהרג'עט. הארץ־קראנקהייט איז געווען מיין בא־

ליבט מיטעל פטור צו ווערען פון מיין מוטער, כאטש ביי א געלע־
גענהייט האב איך זי אוועקגעמאכט מיט דער הילף פון שווינד־
זוכט, לונגען־אנטציינדונג און טיפוס. עס איז אמת, ווי די
וויניפעגער פאליציי־לייט וועלען דאס באשטעטיגען, אז איך האב
עלטער־עלטערען, וועלכע לעבען אין ענגלאנד; אבער דאס איז
געווען א לאנגע צייט צוריק, און מען קאן זיך גאנץ גוט משער
זיין, אז זיי זיינען שוין איצט טויט, אלענפאלס האבען זיי מיר
קיינמאל נישט געשריבען.

איך האף, אז די פרוי אין רעגא וועט לייענען די דאזיגע
שורות און וועט מיר מוחל זיין מיין פארדארבענקייט און פאלשקייט.
איך פארטיידיג זיך דא נישט, ווייל איך שעם זיך נים. מיך האט
געבראכט צו איהר מיר מיין יוגענד, מיין לעבענסלוסט און דער
חשק צו נייע איבערלעבונגען. עס איז מיר דערפון ארויסגעקומען
א טובה. עס האט מיר געוויזען די אמת'דיגע גוטסקייט פון דער
מענשליכער נאטור. איך האף, אז עס איז פאר איהר אויך געווען
א טובה. אין יעדען פאל וועט זי קאנען מיט פארגעניגען לאכען,
ווען זי וועט זיך דערוויסען די ווירקליכע זייט פון דער גאנצער
אנגעלעגענהייט.

מיין מעשה איז פאר איהר געווען אן „א מ ת ' ד י ג ע".
זי האט געגלויבט אין מיר און אין מיין גאנצער פאמיליע, און האט
זיך שטארק גענומען צום הארצען פון דער געפערליכער רייזע,
וועלכע איז מיר פארגעשטאנען קיין סאלט לייק סיטי. די דא־
זיגע זארגען איהרע האבען מיר שיער נישט פארשאפט פיעל
צרות. פונקט דאמאלסט, ווען איך האב שוין געהאלטען ביים אוועק־
געהן, באלאדען מיט עסענווארג, מיט דיקע וואלענע זאקען אין די אפ־
געשטאנענע קעשענעס, האט זי זיך דערמאנט וועגען איהרען א פלי־
מעניק, אדער א פעטער, אדער עפעס אן אנדער קרוב, וואס האט
געדינט אויף דער פאסט־אייזענבאן און האט אין יענער נאכט
באדארפט אנקומען מיט'ן זעלבען צוג, אויף וועלכען איך האב גע־
זאלט פארען בגנבה. עס איז דאך ווי געוואונשען! זי וועט מיך
נעמען צום וואקזאל, וועט איהם דערצעהלען די גאנצע געשיכטע

און איהם הייסען ער זאל מיך באהאלטען אין דעם פאסט־וואגאן. און אויף אזא אופן וואלט איך אהן יעדער געפאר אוז אהן מאטער־ניש געפארען מיט א גלייכען וועג ביז אגדען. סאלט לייק סיטי געפינט זיך עטליכע מייל ווייטער. דאס הארץ איז מיר שיער נישט ארויסגעפאלען. זי איז גאר געווארען אויפגעלעבט, ווען זי האט פאר מיר פארגעלעגט איהר פלאן, און איך מיט א פארקלעמט הארץ האב נאך געמוזט מאכען דעם אנשטעל, אז איך בין אומגע־הייער צופרידען פון דעם דאזיגען אויסוועג, וואס זי האט געפונען פאר אלע מיינע שוועריגקייטען.

אז אויסוועג! איך האב זיך געקליבען צו פארען יענע נאכט אין דער וועסט, און דא האט מען מיך גאר געזאלט אריינפאקען צו פארען אין דער איסט. עס איז געווען א פאסטקע, און איך האב אבער קיין מוט נישט געהאט צו זאגען איהר, אז אלץ, וואס איך האב איהר דערצעהלט, איז געווען א מיאוס׳ער ליגען, און בעת איך האב געמאכט דעם אנשטעל, אז איך בין העכסט־צופרידען, האב איך זיך געבראכען דעם קאפ, ווי אזוי איך זאל זיך פון איהר ארויסדרעהען. איך האב אבער קיין שום אויסוועג פאר זיך נישט געזעהען. זי וועט מיך אריינפירען אין דעם פאסט־וואגאן — אזוי האט זי אליין געזאגט — און איהר קרוב דער פאסט־באאמ־טער וועט מיך פיהרען קיין אגדען. און נאכדעם וועל איך זיך דאר־פען שלעפען צוריק איבער הונדערטער מיילען פון וויסטעניש.

מיין מזל האט מיך אבער יענע נאכט נישט פארלאזט. פונקט דאמאלסט, ווען זי האט שוין געזאלט אנטאן דאס היטעלע און מיך אפפיהרען צום וואקזאל, האט זי אויסגעפונען, אז זי האט איננאנצען געהאט א טעות. איהר קרוב, דער פאסט־באאמטער, האט גאר אין יענער נאכט נישט געזאלט דורכפארען. זיין מאר־שרוט איז איבערגעביטען געווארען. ער האט באדארפט קומען ערשט מיט צוויי נעכט שפעטער. איך בין ארויסגעראטעוועט גע־ווארען, ווייל מיין אומרוהיגע יוגענד וואלט מיר דאך נישט דער־לויבט צוווארטען גאנצע צוויי טעג. איך האב זי אפטימיסטיש פארזיכערט, אז איך וועל גיכער אנקומען קיין סאלט לייק סיטי,

אויב איך וועל גלייך ארויספארען, און איך בין אוועק, באגלייט פון איהרע ברכות און וואונשען, וועלכע האבען מיר געקלונגען אין די אויערען.

אבער די דאזיגע וואלגע זאקען זיינען געווען גרויסארטיג. געוויס. איך האב אין יענער נאכט אנגעטאן א פאר פון זיי אויף דעם בלינדען פראכט־וואגען פון דער אייזענבאן, וואס איז גע־גאנגען צו דער וועסט.



# זיך אנהענגען.

גענגען א צופאל העלפט ניט קיין חכמה. איז מען אבער יונג און פלינק, קען א גוטער טרעמפ זיך „אנהענגען" אן א באן אויף צופיקעניש דער גאנצער באנדע קאנדוקטארען, פארשטעהט זיך אין דער פינסטער, ביי נאכט הייסט דאס. אויב אזא חברה־מאן באשליסט דעמאלט צו מאכען א נסיעה, איז איינס פון די צוויי: אדער ער פירט אוים, אדער א צופאל שטעלט איהם אונטער א פיסעל. די קאנדוקטארען ווענדען אן אלע מיטלען אפילו מארד כדי צו באגראבען אזא טרעמפ. כמעט אלע טרעמפס גלויבען אז די באנדע שטעלט זיך טאקע פאר קיין זאך ניט אפ, אפילו פאר מארד. אזוי ווי איך אליין האב אזא ערפארונג ניט געהאט — וועל איך אייך ניט שווערען, אז דאס איז אמת.

דאס האב איך אבער געהערט ווענען „שלעכטע" באנען. ווען א טרעמפ ליינט זיך אוועק אויף די שטאנגען אונטער א וואגאן און דער באן לויפט, קען מען איהם, פארשטעהט זיך, פון דארט ניט משלח זיין ביז דער באן שטעלט זיך אפ. דער טרעמפ צולעגט זיך דארט ווי „ביים טאטען אין ווייגהויז": איבער איהם א גאנצער וואגאן פון פארענט און פון אונטען די רעדער ארום איהם די פרענטעס. ער, דער בחור, הייסט דאס, האט מנצח געווען, ער פייפט אויף די קאנדוקטארען — אזוי קלערט ער זיך ביז ער קומט אויף א „שלעכטען" באן. א שלעכטער באן איז, געוועהנליך אזא, אויף וועלכען טרעמפס האבען דערהרג'עט איינעם אדער עטליכע באאמטע. גאט אליין זאל זיך מרחם זיין אויף דעם טרעמפ וואס מען כאפט „אונטען" אויף אזא באן — און כאפען וועט מען איהם שוין, אפילו ווען דער באן לויפט זעכציג מייל א שעה.

דער סיגנאַליסט בינט אַן אויף אַ שטריק אַן אייזערן פּרענ־טעל, וואָס פּאַראייניגט צוויי וואַגאָנעס, און לויפט אַריבער צו דער פּעדערשטער פּלאַטפאָרם פון׳ם וואַגאָן, אונטער וועלכען דער טרעמפּ ליגט זיך אַזוי בהרחבה, וואַרפט דאָס פרענטעל אַראָפּ צווי־שען די צוויי פּלאַטפאָרמעס און לאָזט אַביסעל נאָך דעם שטריק. דאָס פּרענטעל קלאַפּט זיך אָן אין דעם אייזען־שלייף, וואָס בינט צוזאַמען די רעלסען, שפּרינגט האַסטיג אָפּ צו דער פּאָדלאָגע פון׳ם וואַגאָן און פאַלט ווידער אויף דעם אייזען־שלייף. אָט לאָזט דער סיגנאַלסטשיק נאָך דעם שטריק, אָט ציהט ער איהם צוריק, רוקט איהם איבער אַהער, אַהין איבער דער גאַנצער ברייט פון׳ם וואַגאָן אַזוי, אַז דאָס פרענטעל זאָל ניט דורכלאָזען קיין איין אָרט, זאָל קלאַ־פּען איבעראַל. דער באַן לויפט שנעל, זעכציג מייל אַ שעה, דאָס פּרענטעל פליט און קלאַפּט ווי אין אַ פויק. יעדער קלאַפּ שמעקט מיט טויט און קיין לעבעדיגער קומט דער טרעמפּ טאַקע פון דאָר־טען ניט אַרויס. אויף מאָרגען קלייבט מען אויף זיינע „שיריים“, צוזעט און צושפּרייט איבער דער גאַנצער ליניע. אַ שורה אין אַן אָרטיגער צייטונג מעלדעט, אַז עפּעס אַ אומבאַקאַנטער מענש, וואַרשיינליך אַ שכור׳ער טרעמפּ, האָט זיך צוגעלייגט אַביסעל אויף די רעלסען און דער באַן האָט איהם צומאַלען.

איך וויל אייך דאָ דערצעלען ווי אַזוי אַ פעהיגער טרעמפּ פירט אויס זיינס און „העגנגט“ זיך אָן. דאָס איז טאַקע מיינע אַן אייגענע ערפאַרונג. איך בין דעמאָלט געווען אין אָטאַווא און פאָרען האָב איך געוואָלט אין דער וועסט מיט׳ן קאַנאַדאַ־פּאַסיפי־שען באַן. דאָס איז אַ מהלך פון דריי טויזענט מייל. געווען איז שוין הערבסט און איך האָב געמוזט דורכפאָרען מיניטאָבאַ און די פעלזען־בערג. און געקענט ערוואַרטען, אַז די קעלט זאָל מיר צור־נויפדרעהען אין דרייען. אַפּליינען איז שוין קיין צייט ניט גע־ווען: יעדע מינוט וואָלט שווערער געמאַכט מיין נסיעה אויסער דעם, אין מיר שוין נמאס געוואָרען דאָ צו זיין. פון מאָנטריאַל ביז אָטאַווא איז הונדערט און צוואַנציג מייל. איך ווייס דאָס זיכער. איך בין נאָר וואָס פון דאָרטען געקומען אַהער, און די

נסיעה האָט ביי מיר געדויערט זעקס טעג. צוליב א טעות, בין איך ניט געפאָרען מיט דער היופּט־ליניע. נאָר געשלעפּט זיך ערגעץ אויף א פאַרוואָרפענעם און שמאָלען אָפּצווייג. אַלע זעקס טעג האָב איך זיך געשפייזט מיט האַרטע שקאַרינקעס. און אפילו שקאַרינקעס האָט מיר אויך אויסגעפעלט און, איך האָב געמוזט בעטלען ביי די פּויערים־פּראָנצויזען, וואָס וואוינען אין יענעם געגענד.

נאָך מעהר האָט מיר דערעסען וואָס איך האָב צופּטר'ט א גאַנצען טאָג אין אָטאַווא, בעטלענדיג קליידער און שיך. וואָס איך האָב געמוזט האָבען פאַר אַ״אַ נסיעה. לאָם איך עס טאַקע דאַ פאַרצייכענען, אַז אָטאַווא, מיט איין אויסנאַמע, איז די ערגסטע שטאָט איבער גאַנץ קאַנאַדאַ און איבער די פאַראייניגטע שטאָאַטען קליידער צו בעטלען. אָט די אויסנאַמע איז וואַשינגטאָן, ד. ק. דאָרט איז שוין גאָר סדום. צוויי וואָכען נאָכאַנאַנד האָב איך דאָרט געאַקערט די ערד נאָך א פּאָר שיך. און נאָכדעם ערשט געמוזט אריבערלויפען קיין דזשוירזי סיטי זיי צו קריגען.

נאָר לאָמיר זיך צוריק אומקערען צו אָטאַווא. פּונקט אַכט א זייגער אין דער פרי האָב איך זיך ארויסגעלאָזט איבערן שטאָט צו קריגען קליידער. א גאַנצען טאָג האָב איך געהאָרעוועט. געשוויצט. איך מעג שווערען, איך בין אויסגעגאַנגען דעם טאָג א מייל פערציג, אַנגערעט זיך מיט באַלעבאַסטעס פון א טויזענט הייזער, ניט מפסיק געווען צו געהן עפּעס איבערכאַפּען און ארום זעקס א זייגער, נאָך צען שטונדען אומאַייפהערליכער פּראַצע און האָרצווייטאָג האָט מיר נאָך אַלץ געפעלט א העמד; די הויזען, וואָס איך האָב געקראָגען זיינען געווען צו ענג אויף מיר, און לויט אַלע סמנים, וועלען זיי מן הסתם אויסהאַלטען פון אסתר־תענית ביז פּורים.

א זייגער זעקס האָב איך אויפגעהערט ארבייטען און אוועק צום וואַקזאַל. עסען — וועל איך מן הסתם שוין קריגען ערגעץ אויפ'ן וועג. מיין ביטער מזל איז מיר אָבער נאָך אַלץ נאָכגעגאַנגען. מען האָט מיר אָפּגעזאָגט וואו איך האָב א טיר געעפענט.

פלוצלונג האב איך געקראגען א „נתינה". טאקע א היבש פעקעל. קיינמאל נאך אזא גאב ניט געקראגען. מיין נשמה האט זיך אין מיר צוטאנצט. רוק איך זיך אפ אין א זייט ערגעץ און צו־וויקעל די מציאה. דאס ערשטע האב איך דערזעהן טארט, דערנאך ווידער טארט, אלערליי סארטען טארט און אויפ'ן סוף ווייטער טארט. לויטער טארט. קיין ברויט מיט פוטער, קיין איין פלייש־סענדוויטש — קיין זאך, אויסער טארט. און צו וועמען טרעפט דאס? צו מיר, וואס קען אויף קיין טארט ניט קוקען. על נהרות בבל, אויף די ברעגען פון בבל'ס טייכען זיינען די אידען אמאל געזעסען און ביטער געקלאגט. און דא, אין דער הויפט־שטאט פון קאנאדא, אויף א לערען פלאץ ערגעץ דארטען אויף א הינטערגעסעל בין איך געזעסען און יאמערליך געוויינט... איבער א בארג טארט. ווי איינער קוקט אויף זיין געשטארבענעם זוהן, אזוי האב איך געקוקט אויף דעם זיסען עשרות. איך מיין איך בין געווען אן אומדאנקבארער טרעמפ, ווייל איך האב זיך אפגעזאגט אן אנטייל צו נעמען אין דער נעכטיגער סעודה, וואס איז מן הסתם געווען אין יענעם הויז. זוי ס'ווייזט אוים האבען די געסט דערפון אויך ניט נהנה געווען...

איצט אבער איז שוין מיין בעכער פארפולט געווארען, ס'האט שוין געמוזט בעסער ווערען. ערגער ווי דער טארט האט שוין ניט געקענט זיין. און ס'איז טאקע בעסער געווארען. טאקע אין צווייטען הויז האב איך געקראגען אן „עק־טיש". אן „עק־טיש" איז דאס סאמע העכסטע, א גן עדן. מען לאזט דעם טרעמפ אריין אינוויינינג אין הויז, אפט לאזט מען זיך איהם אביסעל ארומוואשען און נאכדעם זעצט מען איהם ביים טיש. טרעמפס האבען זעהר ליעב אזעלכע אויסצוציהען זייערע פיס אונטער א טיש. דאס הויז איז געווען גראם און באקוועם, אויף א ברייטען פלאץ, ארומגעפלאנצט מיט בוימער און אביסעל אוועקגערוקט פון דער גאס. די באלעבאטים האבען נאר וואס געהאט אפגעגעסען און מען האט מיך אריינגענומען גלייך אין עס־צימער. דאס גופא איז אן אומגעוועגליכע פאסירונג, ווייל גליקליכע טרעמפס, וואס קריגען שוין אן „עק־טיש", זעצט מען געוועגליך אוועק אין קיך. אן אלטער

גוטהערציגער ענגלענדער, זיין ווירדיגע פרוי און א שעהנינקע יונגע פראנצייזקע האבען מיט מיר געשמועסט בעת'ן עסען.

איך וויים ניט צו יענע שעהנע יונגע פראנצויזקע געדיינקט נאך איצטער יענעם לאך וואס איך האב איהר געשענקט. בעת איך האט ארויסגעמורמעלט מיין בארבארישע פראזע „א פאר קלינגערס“. דאס האב איך אזוי דעליקאט פרובירט צו דערשלאגען זיך צו א מטבע. „וואס?“ זאגט זי. „א פאר קלינגערס“, זאג איך. איהר מויל האט נערוועז זיך א טרייסעל געטאן. בעת זי האט נאך אמאל געפרעגט „וואס?“ „א פאר קלינגערס“, זאג איך. זי האט אויס־געשאסען א געלעכטער. „זאג דאס נאך אמאל“ האט זי געזאגט. ווען זי האט זיך אביסעל בארוהיגט. „א פאר קלינגערס“ זאג איך. זי איז זיך ווידער פארגאנגען אין א דריבנעם זילבערנעם געלעכ־טערל. „אנטשולדיגט“ זאגט זי: „אבער וואס... וואס האט איהר דא געזאגט“? „וואס, האב איך דען עפעס בייז געזאגט?“ „ניין, ניט דאס“. האט זי קוים־קוים צווישען געלעכטער־ספאזמעס ארויס־געזאגט. „אבער וואס מיינט דאס?“ איך האב איהר ערקלערט. אבער איך געדיינק שוין איצטער ניט צי האב איך געקראגען ביי איהר א קוואדער צי ניט. און איך וויים נאך עד היום ניט ווער פון אונז איז געווען מעהר פראווינציאל.

געקומען צום וואקזאל, טרעף איך שוין דארטען, מיר אויף צופיקעניש. א באנדע פון א צוואנציג טרעמפס, וואס האבען גע־וואלט פארען אויף די בלינדע וואגאנעם פון'ם צוג. מילא צוויי אדער דריי טרעמפס אויף א באן אלס בלינדע פאסאזשירען איז ניט קיין גוואלד. מען באמערקט זיי ניט. אבער א צוואנציג שטיק! דא וועט שוין זיין צרות. די קאנדוקטארען וועלען באין אופן ניט דערלאזען אונז אלעמען צו פארען.

לאם איך דא ערקלערען. וואס א בלינדער וואגאן איז. איינינגע פאסט־וואגאנען ווערען געמאכט אהן טירען אויף די פלאטפארמעס. אזא וואגאן איז „בלינד“. פאסט־וואגאנען, וואו עס זיינען יע דא טירען. האלט מען אבער שטענדיג אויפ'ן שלאס. אין כאפט זיך, למשל, א טרעמפ ארויף אויף דער פלאטפארם פון אזא וואגאן,

איז אָדער דאָרט גאָר קיין טיר ניטאָ, אָדער די טיר איז צוגעשלאָסען. קיין קאָנדוקטאָר אָדער סיגנאַליסט קען דערפאַר באַיין אופן ניט צו־קומען פרעגען אויף א בילעט, אָדער איהם אַראָפּוואַרפען. ער, דער טרעמפּ, איז מיט זיין פּלאַץ שוין זיכער ביז דער צווייטער סטאַנ־ציע. דעמאָלט מוז ער אַראָפּ טאַנצען, פאַרלויפען אביסעל פאַר־אויס, אין דער פינסטער, צוואַרטען ביז דער באַן רירט זיך און ווייטער אַרויפשפּרינגען אויף דער בלינדער פּלאַטפאָרם. נאָר ניט אזוי גרינג טוט זיך ווי עס רעט זיך. אַט וועט איהר אליין זעהן.

ווען דער באַן האָט זיך א ריר געטאָן, האָבען די צוואַנציג טרעמפּס זיך א לאָז געטאָן צו די דריי בלינדע פּלאַטפאָרמעס. אייניגע זיינען נאָך אַרויף איידער דער באַן האָט זיך פון אָרט גערירט. ווי אומגעלומפּערט זיי זיינען געווען! איך האָב גלייך געזעהן זייער שנעלע מפּלה. די באַן אַנגעשטעלטע זיינען, פאַר־שטעהט זיך, גלייך געוואָר געוואָרען פון׳ם „סוד“ און די צרות האָבען זיך אָנגעפאַנגען ביי דער צווייטער סטאַנציע. דאָרט בין איך באַלד אַראָפּגעשפּרונגען און אוועק פאַראויס מיט די רעלסען. עטליכע טרעמפּס זיינען נאָך נאָך מיר. זיי האָבען, ווייזט אויס, אַט די תורה געקענט. דער כּלל איז, אז א באַן קען מען ניט אָפּ־שווינדלען סיידען מען פאַרלויפט אביסעל פאַראויס ביי די סטאַנ־ציעס. איך בין אוועק פאַראויס. די טרעמפּס, וואָס זיינען געלאָ־פען נאָך מיר זיינען איינער נאָכ׳ן צווייטען הינטערשטעליג גע־בליבען. יעדער האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָרט, וואו זיין פלינקייט און מוטה וואָלטען איהם ערלויבט צוריק זיך אַרויפצוכאַפּען אויפ׳ן לויפענדען באַן.

ווייל קומען קומט דאָס פאַר אזוי. ווען דער באַן רירט זיך שטעהט דער סיגנאַליסט געוועגליך אויף דער בלינדער פּלאַט־פאָרם. ער קען אָבער צוריק אויפ׳ן באַן ניט אַרויף, סיידען ער שפּרינגט אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרם, און כאַפּט זיך אַרויף אויף א פּלאַטפאָרם מיט א טיר. ער שפּרינגט, געוועגליך אַראָפּ דאָרט, וואו ער גלויבט אז ער וועט זיך קענען צוריק אַרויפכאַפּען. עטליכע וואַגאָנעס לאָזט ער פאַרביי און כאַפּט זיך צוריק אַרויף. נו, דאָרף

דער טרעמפּ פאַרלויפען פאַראויס אַזוי ווייט, אַז איידער דער בלינ־
דער וואַגאָן וועט צו איהם צוקומען, זאָל שוין דער סיגנאַליסט
דאָרטען ניט זיין.

איך בין אוועק ווייטער פונ'ם לעצטען טרעמפּ מיט אַ פופציג
טריט. דער באַן האָט זיך גערירט. איך זעה דעם לאַמטערן פונ'ם
סיגנאַליסט אויפ'ן ערשטען בלינדען וואַגאָן. דאָס ריכט ער
דעם באַן אויס אין וועג, און דאָ שטעהן די טרעמפּס ווי גולמים
נעבען דער ליניע און דער בלינדער וואַגאָן לויפט פאַרביי זיי. שוין
ביים ערשטען אַרויספאָר האָבען זיי געקראָגען אַ מפּלה, ווייל זיי זיי־
נען געווען ניט גענוג רירעוודיג. נאָך זיי איז געקומען די רייע פון די
טרעמפּס, וואָס האָבען די „תורה" געקענט, אָבער נאָר אויף דעם
שפּיץ מעסער. זיי האָבען דעם ערשטען בלינדען וואַגאָן דורכגע־
לאָזט און זיך אַרויפגעכאַפּט אויפ'ן צווייטען און דריטען. דער
סיגנאַליסט איז, פאַרשטעהט זיך, אַראָפּ פונ'ם ערשטען און
אַרויף אויפ'ן צווייטען בלינדען וואַגאָן און אַרונטערגעשליידערט די,
וואָס האָבען זיך אַרויפגעכאַפּט. דער עיקר אָבער איז — איך בין
אַזוי ווייט אוועק פאַראויס, אַז ווען דער ערשטער וואַגאָן האָט זיך
מיט מיר אויסגעגליכט, איז שוין דער סיגנאַליסט דאָרטען ניט
געווען, ער האָט זיך שוין געבאַבּרעט מיט די טרעמפּס דאָרטען
אויף אַ צווייטען בלינדען וואַגאָן, אַ זעקס פון די פּעהיגסטע
טרעמפּס, וואָס זיינען אַרוים גענוג ווייט זיינען אַהין אויך אַרויף.

אויף דער נאָהענסטער סטאַנציע, ווען מיר האָבען זיך אַ לאָז
געטאָן לויפען פאַראויס, האָב איך שוין מעהר ניט איבערגעצעלט
ווי 15 טרעמפּס. פינף האָט מען אַרונטערגעמאַרדעוועט. דער
פּראַצעס אונז צו פּטר'ן האָט זיך אָנגעפאַנגען אויף אַ גאַנץ איידע־
לען שטייגער און האָט זיך אַזוי געצויגען פון סטאַנציע צו סטאַנ־
ציע. אַט זיינען פון אונז געבליבען פערצען, אַט צוועלף שפּעטער
עלף, ניין, אַכט. עס האָט מיר דערמאַנט אינ'ם לידעלע: „צען
גוטע ברידערלאַך זיינען מיר געווען". איך האָב באַשלאָסען צו
בלייבען דער לעצטער „ברודער". פאַרוואָס טאַקע ניט? בין איך
דען ניט יונג, געזונט און פלינק? (איך בין דעמאָלט אַלט געווען

סך הכל 18 יאהר, און געזונט ווי א מויער.) פעלט מיר דען מוטה? און ווידער, ביז איך דען ניט א עכטער, א געקרוינטער טרעמפּ? און זיינען דען ניט אט די אלע אנדערע טרעמפּס פּשוטע גולמים „זיידענע יונגעלייטלאך" אין פארגלייך מיט מיר? אויב איך זאל ניט קענען זיין דער לעצטער „ברודער", דארף איך שוין פאר־לאזען קנין מיט מנין און זיך פארקלייבען ערגעץ אויף אן אלפאלפא־פארם.

און ווען עס זיינען שוין מעהר ניט געבליבען אויפ'ן באן ווי פיר טרעמפּס, איז דאס שוין געגאנגען אין אן עקשנות צווישען דער גאנצער באנדע אנגעשטעלטע און אונז. דאס איז געווארען א מין וועט צווישען אונזערע און זייערע פעהיגקייטען און איינפאלען. אבער מיט אלע סמנים פון נצחון אויף זייער זייט. איינער נאכ'ן אנדערן זיינען אלע דריי איבערגעבליבענע טרעמפּס ארונטער גע־שמיסען געווארען. איך אליין בין געבליבען. א, ווי גדול'דיג איך בין דאס געווארען ביי זיך! קיין עשר האט זיך אזוי ניט געפילט ביים ערשטען מיליאן. איך העננ זיך אן אויף צופיקעניש צווייי סיגנאליסטען, א קאנדוקטאר, א הייצער און א מאשיניסט.

אט האט איהר א פאר ביישפילען ווי אזוי מיר האט זיך דאס איינגעגעבען. ארויס פאראויס, אין דער פינסטער — אזוי ווייט פאראויס, אז דער סיגנאלסטשיק, וואס ריכטעט אויס דעם באן אויף דער בלינדער פלאטפארם מוז אראפ פון דארטען איידער ער קומט צו מיר צו — כאפּ איך זיך ארויף. גוט. בין איך שוין זיכער ביז דער צווייטער סטאנציע. ווען מיר קומען צו דער סטאנציע, וואַרף איך זיך ווידער לויפען, איבערחזר'ן דעם פריערדיגען מאַ־נעוור, און ווארט ביז דער באן וועט זיך רירען. אט רירט ער זיך פון ארט. מען זעהט אבער ניט קיין לאמטערן אויף דער ערשטער בלינדער פלאטפארם, האט די באנדע אויפגעגעבען די מלחמה? איך ווייס ניט. מען קען קיינמאל גאר ניט וויסען. און יעדע מינוט קען מען ערווארטען עפּעס א צרה. און ווי דער ערשטער בלינדער וואגאן גלייכט זיך אויס מיט מיר טו איך זיך א לאז ארויפצושפּרינגען אויף איהם, און שטרענג שטארק אן מיינע אוי־

גען צו זעהען אויב דער סיגנאַליסט איז דאָרט ניטאָ, ווייל אפשר איז ער טאַקע דאָרטען און האָט אַוויסגעלאָשען זיין לאַמטערן כדי מיר פּלעטען דעם מח, בעת איך קריך אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרם. איך מעג דאָס שוין וויסען. ניט איינמאָל האָב איך שוין געכאַפּט אַזאַ קנאַק מיט אַ לאַמטערן.

אָבער ניין, די ערשטע פּלאַטפאָרם איז ליידיג. דער באַן פאַנגט אָן שנעלער צו לויפען. איך וועל שוין זיכער אָפּפאָרען נאָך אַ סטאַנציע. זיכער? עפּעס פאַנגט דער באַן אָן זיך אַביסעל איינ־צוהאַלטען. איך שפּיץ שוין אָן מיינע אויערן. דאָס איז אַ מאַנעוור געגען מיר. נאָר איך פאַרשטעה ניט אָט דעם מאַנעוור. איך היט אויפמערקזאַם ביידע זייטען פון דער פּלאַטפאָרם און פאַרגעס ניט דעם הייצער וואָס קען צוקומען צו מיר פונ׳ם לאָקאָמאָטיוו דורכ׳ן דאַך. מען קען מיך באַפאַלען פון אַלע דריי זייטען מיט אַמאָל.

אַ, אָט קומט ער. דער סיגנאַליסט האָט אויסגעריכטעט דעם באַן פאָרענדיג אויפ׳ן לאָקאָמאָטיוו. אָט קריכט ער אויף דער פּלאַטפאָרם פון דער רעכטער זייט. ווי אַ בליץ טאַנץ איך אַראָפּ אויף דער לינקער זייט און לויף שנעל פאָראויס און פאַרביי דעם לאָקאָמאָטיוו און ווער נעלם אין דער פינסטערניש. די לאַגע בלייבט ווי געווען, בעת דער צוג איז אַרויס פון אָטאַווא. איך שטעה ווייט פאָראויס, דער באַן מוז פאַרביי מיר דורכגעהן, אויב נאָר ער וועט בכלל ווייטער פאָרען. איך האָב איצט ווידער אַזאַ געלעגענהייט ווי אַלע מאָל זיך צוריק אַרויפכאַפּען.

איך וואַרט פאָרזיכטיג. איך זעה אַ לאַמטערן רוקט זיך צו׳ן לאָקאָמאָטיוו, דאָרט ווערט ער אָבער פאַרלאָרען, קומט ניט צוריק. ווייזט אויס אַז ער איז געבליבען ביים לאָקאָמאָטיוו, און מען מעג קומען צום לאַגישען שלום אַז מיט׳ן לאַמטערן איז געגאַנגען און געבליבען אַ סיגנאַליסט. אָט דער סיגנאַליסט איז מן הסתם פויל, אַלא ניט וואָלט ער געווען אַרויסגעשטעלט דעם לאַמטערן און וואָלט איהם ניט פאַרשטעלט קומענדיג פאָראויס. דער באַן רירט זיך. די ערשטע בלינדע פּלאַטפאָרם איז ליידיג און איך שפּרינג נאָך אַמאָל אַרויף, און ווידער פאַנגט דער באַן אָן זיך

איינצוהאַלטען, דער סיגנאַליסט פונ׳ם לאָקאָמאָטיוו קריכט אויף אויף מיין פּלאַטפאָרם פון איין זייט און איך טאַנץ ארונטער אויף דער צווייטער זייט און לויף פאָראויס.

איך וואַרט דאָרטען אין דער פינסטער און מיין האַרץ ווערט אין מיר צושמאָלצען פאַר נחת און גדולה. דער באַן האָט זיך צוויי מאָל אָפּגעשטעלט צוליב מיר — אָן אָרעמען טרעמפּ, וואָס ס׳איז איהם נעבעך ביטער און פינסטער. איך אליין האָב אָפּגע־שטעלט דעם גאַנצען צוג אַנגעפּיקעוועט מיט פּאַסאַזשירען, מיט זיינע שלאָף־וואַגאָנען, מיט דער רעגירונגס־פּאָסט און מיט זיינע צוויי טויזענט דאַמפּף־פערד וואָס רייסען זיך צום לויפען אינ׳ם לאָקאָמאָטיוו. און נאָך אַלעמען בין איך ניט קיין גבור און האָב ניט קיין סענט ביי דער נשמה.

און ווידער אמאָל באַמערק איך ווי דער לאַמטערן רוקט זיך פאָראויס צום לאָקאָמאָטיוו. דעם מאָל אָבער וואַרפט ער זיך שוין אין די אויגען. ער וואַרפט זיך שוין צופיל אין די אויגען, דאָס געפעלט מיר שוין ניט. עפּעס מוז דאָ שוין ווידער זיין. אַלענפאַלס, דאַרף איך זיך שוין איצטער היטען פאַר נאָך עפּעס א חוץ דעם סיגנאַליסט פונ׳ם לאָקאָמאָטיוו. דער באַן שלעפּט זיך פאָרביי. פּונקט אין צייט איידער איך שפּרינג ארויף באַמערק איך אויף דער ערשטער בלינדער פּלאַטפאָרם א טונקעלע פיגור פון א סיגנאַליסט, אָהן א לאַמטערן. איך לאָז דעם וואַגאָן פאָרבייגעהן, און גרייט זיך צו אַרויפטאַנצען אויפ׳ן צווייטען בלינדען וואַגאָן. דער סיגנאַליסט אָבער שפּרינגט אַראָפּ פונ׳ם ערשטען וואַגאָן און לויפט מיר נאָך. איך כאַפּ א קוק אויפ׳ן לאַמטערן פונ׳ם סיג־נאַליסט וואָס איז געזעסען אויפ׳ן לאָקאָמאָטיוו. אָהאָ, ער איז אויך אַראָפּ. אוןביידע לויפען זיי מיר איצטער נאָך. אָט קומט אונ־טער דער צווייטער בלינדער וואַגאָן. איך טאַנץ ארויף. איך בלייב אָבער נימ וואַרטען צו באַקלערען וואָס ווייטער צו טאָן. איך האָב שוין אַלעס באַקלערט. איך אויף דער פּלאַטפאָרם און דער סיג־נאַליסט נאָך מיר. איך בין אָבער שוין פון יענער זייט און לויף פאָראויס מיט׳ן באַן. מיין פּלאַן איז צו פאָרלויפען אפריער

ביז צום ערשטען בלינדען וואגאן. עס איז אבער א שווערע הלכה, אונזער שנעליגקייט איז כמעט איינע און די זעלבע, און דא לויפט דער באן אליין שנעלער, און דער סיגנאליסט לויפט מיר נאך. איך בין אבער א שנעלערער לויפער, ווייל איך כאפ זיך ארויף פריער אויף דער פלאטפארם פון׳ם ערשטען בלינדען וואגאן. איך שטעה שוין אויף די טרעפלאך און קוק אויף מיין פארפאלגער. ער איז סך הכל א צען טריט פון מיר און לויפט געשמאק, נאר דער באן לויפט שוין איצט מיט זיין געוועגליכער שנעליגקייט און ער, דער סיגנאליסט שטעהט כמעט אויף איין ארט ניט ער לויפט אין פארגלייך מיט מיר. איך גיב איהם צו מוטה, שטרעק אויס מיין האנט צו איהם; ער שיסט אבער אויס א קרעפטיג זידעל ווארט, גיט זיך אונטער און כאפט זיך ארויף אויפ׳ן באן מיט עטליכע וואגאנען נידעריגער.

דער באן לויפט שנעל און איך קען זיך גאר ניט אפלאכען און, פלוצלונג, גאר אהן התראות, גיט מיר א קלאפ א שטראם וואסער, דאס האט דער הייצער אנגעשטעלט אויף מיר די וואסער־קישקע פונ׳ם לאקאמאטיוו. רוק איך זיך אפ פון דער פלאטפארם צום קוילען וואגאן. דא ביז איך ,אונטער׳ן דעכעלע, וואס שטארצט ארויס פון דעם וואגאן, באשיצט פון דער וואסער. די וואסער פליסט איבער מיין קאפ אבער אפילו א טראפעלע קומט צו מיר ניט צו. ס׳הויבען מיר אזש אן בייסען די הענט, אזוי ווילט זיך מיר ארויפקלעטערן אויפ׳ן קוילען־וואגאן און מכבד זיין דעם הייצער מיט א שטיק קויל אין פנים אריין. איך ווייס אבער, אז ווען איך טו דאס וואלט ער צוזאמען מיט׳ן מאשיניסט מיך פשוט אויף שטיקער צוריסען.

ביי דער סטאנציע טאנץ איך ווידער אראפ און לויף פאראויס אין דער פינסטער. איצטער, ווען דער באן ריכט זיך אויס אין וועג, שטעהען שוין ביידע סיגנאליסטען אויף דער פלאטפארם פון ערשטען בלינדען וואגאן. איך שטוים זיך גלייך אן, וואס זיי האבען דא בדעה צו טאן. זיי וועלען מיר ניט דערלאזען איבער׳־חזר׳ן דאס פריערדיגע. איצטער קען איך שוין ניט דורכ׳ן צווייטען

בלינדען וואגאן אריבער אויף דער צווייטער זייט פון דער ליניע און לויפען ווידער צום ערשטען בלינדען וואגאן. אבי נאר דער ערשטער וואגאן לויפט אריבער און איך כאפ זיך ניט ארויף, שפרינגען די סיגנאליסטען אראפ איינער אויף איין זייט און דער צווייטער אויף דער אנדערער זייט פון באן. איך טאנץ ארויף אויפ'ן צווייטען וואגאן, און איך ווייס אז א רגע שפעטער וועלען זיי ביידע מיט אמאל ארויף פון ביידע זייטען. דאס איז א נעץ. ביידע וועגען פארשטעלט. ס'איז אבער נאך דא א דריטער וועג, דער דאך.

א רגע ווארט איך ניט אויף מיינע פארפאלגער. איך קלעטער גלייך אויף די אייזערנע שטאנגען פונ'ם וואגאן, שטעל זיך ארויף אויפ'ן טארמאז־רעדעל. די שערי־רחמים האבען זיך אבער שוין צוגעמאכט. די סיגנאליסטען זיינען שוין אויף די פלאטפארם־טרעפ און פון ביידע זייטען. איך קוק זיך אפילו ניט אום. א הויב די הענט אויף ביידע וואגאן־דעכלען, וואס לאזען זיך קיילעכדיג אראפ צו דער פלאטפארם. איין האנט אויף איין דעכעל, די צווייטע האנט — אויפ'ן צווייטען און דא זיינען שוין ביידע סיגנאליסטען אויף די טרעפ. איך ווייס דאס, הגם איך האב קיין צייט ניט א קוק טאן אויף זיי. די גאנצע זאך דויערט סך הכל עטליכע סעקונדען. איך גיב א טאנץ אונטער מיט מיינע פיס און קלעטער ארויף מיט די הענט. אין דער צייט גיבען זיך ביידע סיגנאליסטען א לאז צו מיינע פיס. זיי האבען אבער מיזהר ווי לופט ניט געכאפט. איך קוק אראפ אויף זיי און הער זייער צארנדיגע זידלעריי.

איך בין איצט אין א מאדנער אומזיכערער פאזיציע. איך הענג אויף די צוויי קיילעכדיגע דעכלאך פון ביידע וואגאנעס, ווי א פיש גיב איך זיך אווארף און פארווארף ביידע פיס אויף איין דעכעל און די הענט — אויפ'ן צווייטען. א שפאר און א דרעה — איך בין שוין אויף דעם פלאכען דאך. איך זעץ זיך אוועק אביסעל אפכאפען דעם אטעם און האלט זיך דערווייל צו אינ'ם ווענטיליאטאר, וואס שטארצט ארויס פון דאך. איך בין איצט

אויפ׳ן שפיץ דאך. אויפ׳ן „דעק“ ווי די טרעמפּס רופען דאס. און אט דער גאנצער פּראצעס. וואס איך האב דא באשריבען הייסט אויף טרעמפּ־לשון : „דעק איהר“. און לאם איך טאקע דא באמערקען, אז נאר א יונגער קרעפטיגער טרעמפּ קען וואגען צו דעקען א פּאסאזשיר־באן און א חוץ׳ן געזונט דארף ער נאך זיין א גאנץ מוטיגער קערל אויך.

דער באן יאגט זיך אלץ שנעלער און, איך ווייס שוין איצטער אז איך פאר שוין זיכער ביז דער צווייטער סטאנציע — אבער נאר ביז דער צווייטער סטאנציע. אויב איך בלייב אויפ׳ן דאך נאכדעם ווי דער באן שטעלט זיך אפּ, וועלען מיר אט די סיגנאליסטען זיכער פארשטיינען. א געזונטער סיגנאליסט קען באווארפען א וואגאן־דאך מיט א פיין ביסעל נישקשה׳דיגע שטיינער — שטיינער פון, למשל, פינף ביז צוואנציג פונט. מען קען זיך ריכטען, אז די סיגנאליסטען וועלען ווארטען איך זאל אראפּ דורך דער פּלאטפארמע, דורך וועלכער איך בין ארויפגעקראכען און, פארשטעהט זיך, אז איך מוז זוכען אן אנדער אראפּגאנג.

מיט א היציגער תּפילה אין הארצען, אז דאס נעקסטע מייל זאל דער באן ניט דארפען דורכפארען דורך א טונעל, שטעל איך זיך אויף, שפּאציר דורך א 5־6 וואגאנעס נידעריגער, און לאם איך אייך איינרוימען א סוד, אז אויף אזא שפּאציר טאר מען ניט מיטנעמען מיט זיך קיין פּחד. די דעכער פון פּאסאזשיר־וואגאנעס זיינען ניט געמאכט געווארען צוליב ביינאכטיגע שפּאצירען. אויב עמיצער מיינט, אז יע, וועל איך איהם עצה׳ן דאס טאקע פּרובירען. לאז ער מאכען א שפּאציר איבער׳ן דאך פון א לויפענדען וואגאן, וואס טרייסעלט זיך ווי אין א קדחת, און, וואו עס איז ניטא ביי וואס זיך אנצוהאלטען, אחוץ אן דער שווארצער נאכט, און לאז ער זיך אביסעל אונטעראיילען בעת ער קומט צו צו דער קיילעכדיגער ענד פונ׳ם וואגאן, וואס איז נאס און גליטשיג פונ׳ם נאכטיגען טהוי, כדי אריבער שפּרינגען אויפ׳ן צווייטען דאך, וואס איז אויך קיילעכדיג, נאס און גליטשיג. בנאמנות, ער וועט געווארווערען צו ער האט א ״שוואך הארץ״, אדער א קאפּ־שווינדעל.

דער באָן פאַרקלענערט זיין שנעליגקייט, איך טאַנץ אַרונטער מיט אַ זעקס וואַגאָנעס ווייטער פון דער פּלאַטפאָרם, וואָס איך האָב „געדעקט". קיינער איז אויף דער פּלאַטפאָרם ניטאָ. און ווען דער באָן בלייבט אינגאַנצען שטעהן בין איך שוין ניט קיין היגער. פאַראויס צווישען מיר און דעם לאָקאָמאָטיוו שווינדלען צוויי לאַמטערנס. די סיגנאַליסטען זוכען מיר אויף די וואַגאָן־דעכער. איך דערזעה, אַז דער וואַגאָן נעבען וועלכען איך שטעה איז אַ „פיער־ראַדיגער" — ד. ה. ער האָט מעהר ניט ווי פיר רעדער. (ווען מען קריכט אונטען און מען פאַרט אויף די שטאַנגען מוז מען למעה"ש אויסמיידען אַ „זעקס־ראַדיגען" וואַגאָן — מען קען אומגליקליך ווערען).

איך לאָז זיך אַרונטער און קריך אַרויף אויף די שטאַנגען. איך בין זעהר צופרידען וואָס דער באָן פאַרט נאָך ניט. איך פאָהר דאָס דעם ערשטען מאָל אונטער אַ קאַנאַדאַ־פּאַסיפישען באָן און מיר איז פרעמד זייער אינערליכער געבוי. איך פּרוביר אַריבער קריכען צווישען די רעדער און דער וואַגאָן־פּאָדלאָגע, נאָר איך קען זיך ניט דורכשפּאַרען. דאָס איז פאַר מיר אַ נייס. אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען בין איך געוואוינט אַרונטערקריכען אונטער אַ וואַגאָן בעת דער באָן לויפט. איך פּלעג ביים עק פּאָדלאָגע, וואָס שטאַרצט אַביסעל אַרויס, אַריינהויבען די פיס אונטען און זיך אָנשפּאַרען אויפ'ן טאָרמאָז־שטאַנג און פון דאָרטען קריכען אין סאַמע מיט ביז די רעדער און דאָרטען זיך באַקוועם אַוועקזעצען אויפ'ן קוועער־שטאַנג.

ווי אַ בלינדער טאַפּ איך מיט די הענט די פינסטערניש. יאָ, מען קען זיך דורך שפּאַרען צווישען טאָרמאָז־שטאַנג און דער ערד, ס'נעהט נאָר צו שווערלאָך. איך מוז זיך אינגאַנצען אַוועקלעגען פלאַך און קריכען אויפ'ן בויך ווי אַ וואָרם. בין איך שוין אָבער אינעוועניג, זעץ איך זיך גאַנץ באַקוועם אַנידער און קלער, וואָס טראַכטען די סיגנאַליסטען איצטער וועגען מיר. דער באָן רירט זיך. דאַנקען גאָט, זיי האָבען אַז מיר שוין אינגאַנצען פאַרגעסען.

אָבער אַ מענש טראַכט און גאָט לאַכט. טאַקע ביי דער נאָ־

ענסטער סטאנציע אהא — א לאמטערן רוקט זיך ארונטער אונטערן צווייטען וואגאן. א נס, וואס אונטער דער ווייטערער פלאטפארם, ניט נעבען מיר. מען זוכט מיך אויף די שטאנגען אונטער די וואגאנעס. איך מוז נעלם ווערען איינס־און־צוויי. אויף בויך קריך איך, אונטערן טארמאז־שטאנג און בין שוין אויף דער ערד. זיי דערזעהען מיך און לויפען פייל אוים'ן בויגען צו מיר. איך ארבייט אויף אלע כלים, מיט די הענט, מיט די קני, מיט אלע אברים. איך בין אויף יענער זייט רעלסען און שטעל זיך אויף, און ווידער לויף איך פאראוים אריבער דעם לאקאמאטיוו און באהאלט זיך אין דער פינסטערניש. ס'איז ווידער די זעלביגע לאגע. איך בין פארלאפען פאראוים א היבשע שטרעקע און דער באן מוז פארביי מיר פארבייפארען.

ער רירט זיך פון ארט. אויפ'ן ערשטען בלינדען וואגאן שימערירט א לאמטערן. איך בייג זיך איין אין דרייען, באהאלט זיך הייסט דאס, און זעה דעם סיגנאליסט א פארשענדען, פארבייפארען. אויפ'ן צווייטען וואגאן איז אבער אויך א לאמטערן און דער סיגנאליסט דערזעהט מיך און רופט דעם ערשטען צו זיך. ס'איז א קלייניגקייט, איכ'ל זיך ארויפכאפען אויפ'ן דריטען בלינדען וואגאן און „איהר דעקען". אבער, גאט, וואו בין איך דאס אין דער וועלט? עמיצער פאכעט מיט א לאמטערן פון דעם דריטען בלינדען וואגאן אויך. דאס איז דער קאנדוקטאר אליין. איך ווארט איהם איבער. איצט וויים איך כאטש, וואו די גאנצע באנדע אנגעשטעלטע איז. איך קערעווע זיך אוים און לויף צוריק אין דער ענטגעגענגעזעצטער ריכטונג פונ'ם באן, כאפ הינטערוויילעכס א קוק. אלע דריי לאמטערנס זיינען שוין אויף דער ערד קאטשען זיך און יאגען זיך נאך מיר. איך יאג פייל־אוים'ן־בויגען. א האלבער צוג איז שוין כמעט פארבייגעגאנגען און ער לויפט שוין גאנץ שנעל, בעת איך כאפ זיך ארויף אויף איהם. וויסען וויים איך אז די דריי חברה־לייט וועלען זיך אויף מיר א ווארף טאן אזוי ווי צורייצטע וועלף. אין א פאר סעקונדען וועלען זיי מיך דעריאגען. איך טאנץ ארויף אויפ'ן רעדעל פונ'ם האנט־טארמאז די הענט

אויף די קיילעכדיגע וואגאן־דעכלאך און ציה זיך שנעל ארויף, און מיינע פארפאלגער שפארען זיך צוזאמען אויף דער פלאטפארם ווי די הינט, וואס האבען ארויפגעטריבען א קאץ אויף א בוים, שעלטען מיך און זיינען מכבד מיין טאטע־מאמע מיט די אומאנ־שטענדיגסטע ווערטער.

אבער ווער הערט זיי ? זיי זיינען פינף אנקעגען מיר איינעם. מיט זיי איז דאך דער מאשיניסט און הייצער, און, אחוץ דעם, זיין מאיעסטעט, דאס געזעץ איז אויף זייער צד, און די מאכט פון א גרויסער קארפאראציע און, איך פייף אויף זיי אלעמען... איך בין צו ווייט פונ׳ם לאקאמאטיוו און לויף איבערן דאך א זעקס וואגא־נעס נעהענטער צו איהם. איך קוק פארזיכטיג אראפ אויף דער פלאטפארם. א סיגנאליסט שטעהט דארטען. איך ווייס, אז ער האט מיך דערזעהן: ער האט זיך צו פארזיכטיג ארייגעגנב׳עט אין וואגאן. איך ווייס, אז ער ווארט דארטען ביי דער טיר גרייט זיך ארויפווארפען אויף מיר, ווען איך זאל נאר אראפגעהן. איך מאך זיך אבער טאמעוואטע און בלייב דארט, כדי ער זאל טאקע מיינען, אז איך האב איהם באמת ניט באמערקט. איך זעה איהם ניט, איך ווייס אבער אז ער האט א עפען געטאן די טיר און געכאפט א קוק, צי בין איך נאך דארטען דא.

דער באהן קומט צו צו א סטאנציע. איך לאז כלומר׳שט אראפ מיינע פיס. דער באהן שטעלט זיך. איך הער די טיר זיך עפענען שטילינקערהייט. ער טשאטעוועט שוין אויף מיר. איך כאפ זיך פלוצלונג ארויף אויפ׳ן דאך און לויף פאראוים פונקט איבער זיין קאפ; אויבען איבער דער פלאטפארם, וואו ער שטעהט און קוקט ארויס אויף מיר. דער צוג שטעהט; די נאכט איז שטיל און איך קלאפ פלייסיג מיט די פיס איבער דעם מעטאלענעם דאך פונ׳ם וואגאן. איך בין ניט זיכער, איך שטעל מיר אבער פאר, אז ער לויפט צו דער צווייטער פלאטפארם און וויל מיך דארטען כאפ־פען, בעת איך׳ל אראפגעהן. איך געה אבער דארט ניט אראפ. אין מיטען וועג קער איך זיך אום שטילינקערהייט, אבער שנעל

צוריק צו דער פּלאַטפאָרם, פון וועלכער איך און דער סיגנאַלסטשיק זיינען נאָר וואָס אַוועק. קיינער איז ניטאָ דאָרטען אויף א רפואה. איך קריך אַראָפּ אויף דער צווייטער זייט פונ׳ם וואַקזאַל און באַהאַלט זיך אין דער פינסטערניש. קיינער האָט מיך ניט באַמערקט.

איך געה אַריבער צום פּלויט אויף דער רעכטער זייט פונ׳ם וועג, און קוק זיך אַרום. טאַ־טאַ! וואָס איז דאָרטען? א לאַמטערן הוידעט זיך שוין דאָרטען אויף די וואַגאָנעס און רוקט זיך פונ׳ם לאַקאָמאָטיוו אַלץ אַראָפּ. זיי מיינען, איך בין נאָך פון אויבען און זיי זוכען מיך דאָרטען. און נאָך שעהנערם — אויף דער ערד. זייט ביי זייט מיט אויבערשטען לאַמטערן רוקען זיך נאָך צוויי לאַמטערנס. דאָס איז א רעגעלמעסיגע יאָגד און איך בין דאָס דער האָז. וועט דער סיגנאַליסט פון אויבען אַנוואַרפען זיין ליכט אויף מיר, וועלען זיך די וואָס שטעהען אויף דער ערד א וואַרף טאָן אויף מיר און מיך כאַפּען. איך פּאַרדרעה דערווייל א סיגאַרעטעל און קוק אויף דער פּראָצעסיע, וואָס גערט מיך פּאַרביי. אַבי נאָר איך האָב זיי איבערגעפּטר׳ט קען איך שוין רוהיג געהען פּאַראויס צום לאַקאָמאָטיוו צו. דער באַהן ריהרט פון אָרט. איך כאַפּ זיך אַרויף אויף דער פּעדערשטער פּלאַטפאָרם פונ׳ם ערשטען וואַגאָן. (קיינער שטערט מיר ניט). ס׳איז ניטאָ ווער ס׳זאָל מיר שטערען. אָבער נאָך איידער דער באַהן האָט זיך רעכט צו־הוידעט און אַקוראַט בעת איך האָב אָנגעריבען א שוועבעלע צו פּאַרויכערען מיין סיגאַרעטעל, דערזעה איך, דער הייצער קריכט אויפ׳ן קוילען־וואַגאָן און קוקט גלייך אויף מיר. עס פּאַלט אויף מיר אָן א פּחד. פון זיין פּאָזיציע קען ער מיט די שטיקער קוילען, וואָס ער האָט נעבען זיך, מאַכען פון מיר א קאַשע. ער פּאַנגט אָבער אָן צו מיר רעדען. איך באַמערק אָן מין באַוואונדערונג אין זיין קול.

„דו, ממזר, דו״, זאָגט ער.

דאָס איז א גרויסער קאָמפּלימענט. א נצחון־געפיהל שטראָמט דורך מיין גאַנצען קערפּער. עס טאַנצט אין מיר מיין נשמה ווי די נשמה פון א שול־אינגעל וואָס קריגט א קניפּ אין בעקעל פאַר זיינע פעהיגקייטען.

„הער נאר, זיי מיר כאטש ניט מכבד מיט דיין וואסער־קיש־קע“, זאג איך איהם.

„גוט“, ערנטפערט ער און געהט צוריק צו זיין ארבייט.

מיט'ן לאקאמאטיוו בין איך שוין שלום, גאנצע גוטע ברידער. נור די סיגנאליסטען זוכען מיך אלץ ארום. פון דער צווייטער סטאנציע ריכטען זיי דעם באן ארויס אויף די בלינדע וואגאנעס. אלע דריי זיינען פארנומען. איך לאז זיי דורך, כאפ זיך ארויף אויף א מיטעלסטען וואגאן און „דעק איהר“. די באנדע איז אויף מיר מלא רציחה און, דער באהן שטעלט זיך אפ. די סיגנאלסטשי־קעס ווילען מיך „ארונטערשארען“ אדער ענטדעקען דעם סוד, פאר־וואס זיי קענען דאס ניט טאן. דריי מאל, איינס נאכ'ן אנדערען שטעלט זיך אפ דער צוג, דער גאנצער מעכטיגער צוג, נאר צוליעב מיר. און, יעדעס מאל דרעה איך זיך ארום פון די סיגנאליסטען און „דעק“ איהר. נאר ס'איז פארפאלען, זיי האבען סוף כל סוף זיך אלע צוזאמען מישב געווען וועגען דער סיטואציע. איך האב זיי באוויזען אז זיי קענען ניט אויסהיטען דעם באהן פון מיר. זיי מוזען טאן עפעס אנדערש.

און זיי טוהען עס טאקע. ווי נאר דער באהן שטעלט זיך אפ אויף דער נאהענטסטער סטאנציע האבען זיי זיך אלע א לאז גע־טאן ווי אפגעבריהטע לויפען אויף מיר. אהא, איך זעה זייער מיין. זיי ווילען מיך פשוט איינמידען. ראשית יאגען זיי מיך אראפ, צום עק באהן. איך זעה מיין מפלה. פארטרייבען זיי מיר צום היג־טערשטען עק פונ'ם באהן, פארט ער אפ און איך בלייב איבער דארטען. מיט א זיג־זאג דרעה פארקערעווע איך זיך, רייס זיך דורך דורך מיינע פארפאלגערס, און לויף ווידער פאראויס צום פראנט פונ'ם באן. איין סיגנאליסט לויפט מיר אלץ נאך. גוט. איך וועל פון איהם ארויסיאגען די נשמה. איך בין נאך ניט מיעד, אטהעם גוט. איך לויף מיט די רעלסען אלץ פאראויס. עס מאכט ניט אויס. ווען ער יאגט מיך אפילו צעהן מייל, מוז ער דאך סוף־כל־סוף זיך ארויפכאפען אויפ'ן באהן. און ביי דער שנעלקייט, וואס ער וועט וואגען ארויף, וועל איך אויך ארויפטאנצען.

אזוי לויף איך, האלט זיך אויף א בעקוועמען שטח אפגעטיילט
פון איהם, און שטרענג מיינע אויגען אז ביז גאר: טאמער א פלויט
אדער גאר א צווייג, וואו איך קען ברעכען האלז־און־נאקען. אך!
איך קוק צו ווייט פאראויס, פארטשעפע זיך אן עפעס מיט די פיס,
איך וויים ניט אין וואס, אן עפעס א קלייניגקייט, און קוליע זיך גלייך
איבער, ציה זיך אוים ווי לאנג איך בין. אין א סעקונדע ארום
שטעה איך ווידער אויף מיינע פיס, נאר דער סיגנאליסט האלט
מיך שוין ביים קאלנער. איך קעמף ניט. איך אטהעם שווער און
באקוק דערווייל דעם חברה־מאן צו וויסען מיט וועמען איך האב
דא צו טאן. ער איז א דינער און איך בין מיט גוטע דרייסיג פונט
שווערער פון איהם. אויסער דעם איז ער דאך פונקט אזוי מיעד
ווי איך, און וועט ער מיך וועלען שלאגען וועל איך מיט איהם לער־
ייי, בלק.

ער מאכט אבער ניט קיין פארזוך מיך צו שלאגען. אט דאס
פראבלעם איז געלעזט. ער פאנגט מיך גאר אן צו פיהרען צוריק
צום באהן. דא טרעט ארוים אן אנדער מעגליכקייט. איך זעה די
לאמטערנס פונ'ם קאנדוקטאר און סיגנאליסט. מיר דערנעהענ־
טערן זיך צו זיי. ניט אומזיסט האב איך זיך באקענט מיט דער
ניו־יארקער פאליציי. ניט אומזיסט האב איך זיך אנגעהערט אין
פראכט־וואגאנען, ארום וואסער־רעזערוואארען און אין טורמע־
קאמערן מיט בלוטיגע מעשיות פון געשלעגען. אפשר ווילען אט די
דריי מענשען מיך שלאגען. גאט ווייסט דעם אמת, איך האב זיי
ניט איין מאל פראוואצירט דארויף. איך דענק שנעל. מיר קומען
אלץ נעהענטער צו יענע צוויי באאמטע. איך כאפ א קוק אויפ'ן
בויך און באק פון מיין פאנגער און פלאנעווע שוין די קלעפ רעכטס
און לינקס, וואס איך'ל איהם געבען ביי דער ערשטער פראבע זיי־
נער, צו פארקאכען א קאשע.

בא! איך האב אן אנדער שפיצעל, וואס איך וואלט געוואלט
איהם אפטאן, און ס'טוהט מיר שוין באנג, וואס איך האב עס איהם
ניט אפגעטאן די רגע, ווען ער האט מיך אנגעכאפט. ער וואלט
מיך שוין געהאט צו געדיינקען אויף קינדס־קינדער פאר אנכאפען

ביים קאלנער. מיין רעקעל איז איינגלאך צוזאמענגעשפילעט. האט איהר אמאל געזעהען א טורניקעט? אט וואס דאס איז. איך דארף נאר אנבייגען מיין קאפ אונטער זיין האנט און אנפאנגען צו דרע־הען זיך. איך מוז זיך שנעל דרעהען — זעהר שנעל. איך קען דאס טאן; דרעהען זיך מסוכן שנעל, ווארפענדיג, ביי יעדען דרעה אנבייגען דעם קאפ אונטער זיין האנט. איידער ער קוקט זיך ארום, ווערען שוין די פינגער וואס האלטען דעם קאלנער איינ־געדרעהט. ער וועט זיי שוין ניט קענען ארויסנעמען. א צוואנציג סעקונדען שפעטער, וועט שוין א שאס טאן דאס בלוט פון זיינע שפיץ־פינגער. דאס איידעלע געוועב ארום די מוסקול־פעדים וועט פלאצען און אלע מוסקולן און נערוועו וועלען זיך אויס־מישען און ארויסשיסען אין איין געשריי. פרובירט דאס אמאל, ווען עמיצער כאפט אייך אן ביים קאלנער. טוהט דאס אבער שנעל—שנעל ווי א בליץ. און פארגעסט ניט, למ"עהש, צו פארדעקען דעם פנים מיט דער לינקער האנט און דעם בויך מיט דער רעכטער האנט. איהר פארשטעהט, דער חברה־מאן קען אייך פרובירען אפ־שטעלען דורך א קנאק פון זיין פרייער האנט. ס'איז א געדאנק איינגאנצען זיך דרהען אוועק פון זיין האנט און ניט צו דער האנט צו. א קלאפ וואס לויפט נאך איז קיינמאל ניט אזוי שטארק ווי א קלאפ, וואס קומט פון זיך.

אט דער סיגנאליסט וועט אפשר קיינמאל ניט וויסען ווי נאהענט ער איז געווען צו אן אומגליק. ארויסגעדרעהט דערפון האט ער זיך נאר דערפאר, וואס ער האט גאר בדעה ניט געהאט מיך צו שלאגען. ווען מיר זיינען צוגעקומען נאהענט צו דער חברה, האט ער זיי מודיע געווען, אז ער האט מיך געכאפט. דורך סיג־נאלען האבען זיי באפוילען דעם מאשיניסט א טרייב טאן דעם באהן. עס פארט פארביי אונז דער לאקאמאטיוו, אלע דריי בלינדע וואגאנעס רוקען זיך פארביי. דער קאנדוקטער מיט'ן צווייטען סיגנאליסט כאפען זיך ארויף אויפ'ן באן, און מיינער האלט מיך נאך אלץ. אהא, איך פארשטעה דעם פלאן. ער וויל מיך דא צוהאלטען ביז דער לעצטער וואגאן וועט זיך מיט אונז אויסגלייכען.

ער וועט זיך ארויפכאפּען און מיך איבערלאָזען. „פּאַרשיטען“ הייסט דאָס.

נאָר דער באַהן האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויף אַלע כלים. דער מאַשיניסט האָט געוואָלט אָפּגעווינען די פאַרלאָרענע צייט. עס איז אַ זעהר לאַנגער צוג. ער לויפט שוין גאַנץ לעבעדיג, און איך ווייס, אַז דער סיגנאַליסט מעסט זיין שנעלקייט מיט פּחד.

„קלערסט וועסט זיך נאָך קענען ארויפכאַפּען?“ פרעג איך איהם אַזוי נאַאיוו.

ער לאָזט אַפּ מיין קאַלנער, טוהט שנעל אַ טאַנץ און איז שוין אויפ'ן באַהן. עטליכע וואַגאָנעס דאַרפען נאָך פאַרביילויפען. אין דער רגע פאַלט מיר שוין איין וואָס צו טאָן. איך וועל ארויף אויף דער לעצטער פּלאַטפאָרם. איך זעה אַז דער צוג לויפט שנעל און שנעלער, אָבער אויפ'ן הימעל וועל איך ניט פאַלען אויב איך כאַפּ זיך ניט ארויף, און דער יוגענד־אָפּטימיזם נעמט מיך דורך. און איך הויקער זיך אַזוי איין, כלומר'שט נידערגעשלאָגען, לאָז ער מיינען, אַז איך האָב שוין אָנגעוואוירען אַלע האָפנונגען. בעת מעשה אָבער טאַפּ איך אָן מיט מיינע פיס די זאַמד שטיינדלאַך. כ'איז דאָ אויף וואָס זיך אָנשפּאַרען. איך קוק זיך אויך איין אויפ'ן קאָפּ פונ'ם סיגנאַליסט, וואָס שטאַרצט אַרויס. איך זעה ער ווערט נעלם. ער איז איבערצייגט, אַז דער באַהן לויפט צו שנעל איך זאָל זיך קענען ארויפכאַפּען.

און דער באַהן לויפט טאַקע שנעל — שנעלער פון יעדען באַהן, אויף וועלכען איך האָב ווען עס איז פּרובירט ארויף. דער לעצטער וואַגאָן קומט אָן און איך טוה אַ שפּרינג אין דער זעלבער ריכטונג מיט איהם. עס איז אַ שנעלער, קורצער שפּרונג. אין שנעלקייט וועל איך זיך מיט דעם צוג קיינמאָל ניט פאַרגלייכען, איך קען אָבער פיעל פאַרקלענערען דעם חלוק צווישען אונזער שנעלקייט און, אַזוי ארום, פאַרקלענערען דעם צוזאַמענשטויס־טרייסעל וואָס איך וועל קריגען בעת איכ'ל זיך ארויפכאַפּען. אין דער קורצער פינ־סטערער רגע, זעה איך ניט דאָס אייזערנע הענטעל פון דער לעצטער פּלאַטפאָרם; איך האָב קיין צייט ניט דאָס אָפּצוזוכען.

איך שטרעק אויס מיין האנט צום פלאץ, וואו איך גלויב עס דארף זיין און אין דער זעלבער רגע הויב איך אויף די פיס פון דער ערד. הימעל און ערד און טרייסעל! אין א סעקונדע ארום וועל איך זיך אפשר קאטשען אויף די שטיינדלאך מיט צעבראכענע ריפען אדער הענט און אפשר גאר א טויטער. נאר מיינע פינגער קלאמערן זיך איין אינ'ם אייזערנעם הענטעל, מיין האנט גיט זיך א טרייסעל, מיין קערפער א דרעה און מיינע פיס פאלען האסטיג ארויף אויף די טרעפלאך פון דער פלאטפארם.

איך זעץ זיך אנידער, גדול'דיג ביז גאר. אין מיין גאנץ טרעמפ־לעבען איז דאס דער בעסטער באהן־שפרונג, וואס איך האב ווען געמאכט. איך ווייס, אז שפעט אין דער נאכט קען מען שטענדיג אפפארען עטליכע סטאנציעס אויף דער לעצטער פלאטפארם. איך וויל זיך אבער ניט פארלאזען אויפ'ן לעצטען וואגאן. ביי דער ערשטער סטאנציע פארלויף איך פאראויס, אויף דער צווייטער זייט פונ'ם אראפגאנג, לויף פארביי די פולמאן־וואגאנעס, בויג זיך אונ־טער א פאסאזשיר־וואגאן און כאפ זיך דארט ארויף אויף א שטאנג. אויף דער צווייטער סטאנציע פארלויף איך ווידער פאראויס און ווידער אויף א שטאנג.

איצטער בין איך פארהעלטניסמעסיג זיכער, די סיגנאליס־טען קלערען, זיי האבען מיך שוין „פארשאטען". אבער דער גאנ־צער טאג און די אנגעשטרענגטע נאכט פאנגען אן צו ווירקען אויף מיר, איך הויב אן צו דרימלען. דאס וועט אבער ניט געהן. שלא־פען אונטער א וואגאן אויף א שטאנג הייסט — טויט. אויף דער קומענדער סטאנציע קריך איך ארויס און פארקלייב זיך אויף דער פלאטפארם פונ'ם צווייטען „בלינדען" וואגאן. אט דא קען איך זיך צולעגען און שלאפען; דא לעג איך זיך טאקע צו און שלאף — ווי לאנג ווייס איך ניט — א לאמטערן־קלאפ אין פנים וועקט מיך אויף.ביידע סיגנאלסטשיקעס שטארען די אויגען אויף מיר. איך כאפ זיך אויף אין א פאזע צו פארטיידיגען, און קלער ווער וועט דער ערשטער טרינקען צו מיר „לחיים". נאר זיי האבען אפילו ניט בדעה מיך צו שלאגען.

„איך האב געמיינט, מיר האבן דיך פארשאטען“, רופט זיך אן דער סיגנאליסט, וואס האט מיך געהאט געהאלטען ביים קאל־נער:

„דו זאלסט מיך דאמאלט ניט געווען אפלאזען, וואלסטו אויך געווען איבערגעבליבען מיט מיר צוזאמען“, ענטפער איך.

„ווי אזוי?“ פרעגט ער.

„איך וואלט זיך מיט דיר געווען ארומגעכאפט, ניט מעהר“, ענטפער איך.

זיי האלטען א קורצע בעראטונג און טראגען ארוים זייער פסק:

„נו, טרעמפעניו, זאל שוין זיין, פאר. ס'איז סיי ווי אן ארויס־געווארפענע ארבייט דיך אראפצוטרייבען“.

זיי געהן אוועק און לאזען מיך איבער בשלום ביז'ן סוף פון זייער נסיעה.

ביז אהער האב איך באשריבען א ביישפיל וואס עס מיינט „אנהענגען זיך“. פארשטעהט זיך, איך האב אויסגעקליבען א גליקליכע נאכט פון מיינע ערפארונגען און פארשוויגען יענע נעכט — ס'איז געווען גענוג אזעלכע — ווען דער צופאל האט מיר אונ־טערגעשטעלט א פיסעל און מיך „פארשאטען“.

איך וויל דא נאך פארעדניגען דערמיט, וואס האט פאסירט מיט מיר, ווען מיר זיינען געקומען צו דער פארצווייגונגס־סטאנ־ציע.

אויף די טראנס־קאנטינענטאלע איינצעל קאלעעס, ווארטען איבער די פראכט־צוגען דעם פאסאזשיר־צוג און שלעפען זיך הינ־טער איהם. ווען מיר זיינען אנגעקומען צו דער פארצווייגונגס סטאנציע, ביז איך ארונטער פונ'ם באהן און ביז אוועק זוכען דעם פראכט־צוג, וואס דארף זיך נאך איהם ארויסשלעפען. אפגעזוכט דעם צוג, קריך איך ארויף אויף א קאסטען־וואגאן פול מיט קוילען און לעג זיך אוועק. אין א מינוט ארום בין איך שוין געשלאפען.

דאס אויפוואכען פון דער טיר האט מיך אויפגעוועקט. עס האט שוין אנגעהויבען שאריען אויף טאג; עס איז קאלט און גרוי

און דער פראכט־צוג האט זיך נאך ניט גערירט. א „קאן" (קאנ־דוקטער) האט ארײנגעשטעקט זײן קאפ אין דער טיר.

„ארויס פון דאנען, דו דום־דומסטער שבדומסטע! האט ער ארויסגעברומט.

איך בין ארויס, און פון דרויסען איהם נאכגעקוקט ווי ער געהט אזוי איבער אלע וואגאנעס און באקוקט זיי. ווען איך האב איהם שוין פארלארען פונ'ם אויג, טראכט איך זיך, אז ס'וועט איהם באין אופן ניט אײנפאלען איך זאל האבען די העזה נאכאמאל ארײן אין דעם זעלביגען וואגאן, פון וואנען ער האט מיך ארויסגעטריבען. איך קריך ארײן און לייג זיך ווידער אוועק.

ווײזט אויס, אז דעם קאנדוקטערס דענקונגס־אפאראט האט גע־ארבייט אין דער זעלביגער ריכטונג. ווייל ער האט אויסגע'פשט'עלט, אז איך וועל טאן, וואס איך האב טאקע געטאן. ער איז באלד צוריק געקומען און מיך פון דארטען משלח געווען.

איצט, האב איך זיך געטראכט, וועט איהם שוין זי־כער ניט אײנפאלען, איך זאל דאס טאן א דריטען מאל. און טאקע גלייך צוריק ארײן אין דעם זעלביגען וואגאן. איך האב אבער באשלאסען צו באווארענען זיך. נאר איין זײטיגע טיר האט זיך געקענט עפענען. די צווייטע איז געווען פארנעגעלט. און איך האב אנגעפאנגען אויסצולעדיגען א „נארע" פאר זיך, טאקע נעבען יענער טיר, און האב זיך דארט אוועקגעלייגט. אין א ווײלע דערהער איך, די טיר עפענט זיך ווידער. דער „קאן" איז ארײנגעקראכען און א נישטער געטאן מיט די אויגען איבער די קוילען. זעהען האט ער מיך ניט געקענט. שרייט ער צו מיר, איך זאל ארויס. איך ריהר זיך ניט פון ארט: איך האב פרובירט איהם אפנארען. ווען ער האט אבער אנגעפאנגען צוווארפען אויף מיר שטיקער קוילען, האב איך זיך אונטערגעגעבען און צום דריטען מאל פארטריבען געווארען. און אין ווארעמע ווערטער האט ער מיר מודיע געווען וואס ס'וועט זיין אויב ער טרעפט מיך דארטען נאך איין מאל.

איך האָב געענדערט מיין טאַקטיק. ווען דער דענקונגס־אַפּאַ־ראַט פון אַ צווייטען מענשען אַרבייט אין איין ריכטונג מיט אייער׳ן איז די בעסטע זאַך „פאַרשאַרען“ איהם. דאָס האָב איך טאַקע געטאָן. איך האָב זיך באַהאַלטען צווישען די וואַגאָנעס אויף אַ זייטיגער קאַלעע ניט ווייט פון דעם וואַגאָן טאַקע און האָב געוואַרט. יאָ, דער „קאָן“ איז נאָך אַמאָל צוגעקומען צום קוילען וואַגאָן. אויפ־געעפענט די טיר, קריכט ער אַהין אריין, רופט מיך, וואַרפט קוילען אין יענער „נאַרע“. דאָס האָט איהם באַפרידיגט. אין פינף מי־נוטען אַרום האָט זיך דער פראַכט־צוג גערירט פון אָרט. ער איז שוין דאָרט ניט געוועזען. איך פאַרלויף אַביסעל אַלץ נעבען דעם וואַגאָן, פּראַל אויף די טיר און קריך אַהין אריין. ער האָט מיך שוין מעהר דאָרטען ניט געזוכט. איך בין שוין אויף דעם וואַגאָן אָפּגעפאָרען טויזענט און צוויי־און־צוואַנציג מייל. אַמערסטען גע־שלאָפען און נאָר ביי די אָפּצווייגונגס־סטאַנציעס (דאָרטען שטעלען זיך די פראַכט־צוגען אָפּ אויף אַ שעה) זיך אַראָפּגעכאַפּט צו קריי־גען עפּעס צו עסען. איך וואָלט נאָך ווייטער געווען געפאָרען אויף דעם זעלביגען צוג, נאָר איך האָב איהם אָנגעוואָרען צוליעב אַ גליק־ליכען צופאַל. איך האָב געקראָגען אַ „עק־טיש“. ס׳איז נאָך יענער טרעמפּ ניט געבאָרען געוואָרען וואָס זאָל טהייערער האַלטען אַ צוג פון אַן „עק־טיש“.



# בילדער.

**וואס מאכט דאס אויס'עט ווי און וואו מיר שטארבען.**
**אבי מיר האבען כח צו זעהן דאס אלץ.**

(פון א געדיכט אין דעם „טרעמפ־ראיאל“.)

דער גאנצער חן פונ'ם טרעמפ־לעבען ליגט אין דעם, וואס עס נודיעט ניט אפילו א טראפען. אין האבא־לאנד האלט דאס לעבען אין איין בייטען זיך. די סצענעס, בילדער, געשעהענישען לויפען שטענדיג איינס נאכ'ן אנדערען: דאס אוממעגליכסטע טרעפט זיך. דאס אומערווארטעסטע שפרינגט ארויס פון דער העלער הויט. ד'ער טרעמפ ווייסט קיינמאל ניט, וואס עס וועט זיך טרעפען אין א מינוט ארום; הייסט דאס, ער לעבט נור היינט, איצטיגע מינוט. דער טרעמפ ווייסט אז הארעוועו צוליעב א תכלית איז ארויסגעווארפענע ארבייט. ער האט פארזוכט דעם טעם פון אבלאזען זיך אויף גאט'ס בארצט.

אפט פארטראכט איך זיך וועגען מיינע טרעמפ־יאהרען, און איך וואונדער זיך ממש ווי שנעל די בילדער בליצען דורך אין מיין זכרון. עס מאכט ניט אויס וואו איך פאנג אן מיינע זכרונות; יעדער טאג איז א באזונדער טאג מיט זיינע אייגענע שנעל־לויפענדע בילדער. למשל, איך דערמאן זיך אן א זוניגען זומער־פריהמארגען אין הארריסבורג, פענסילווייניע, און גלייך קומט מיר אויפ'ן געדאנק דער גליקליכער אנפאנג פון דעם טאג — אן „עקסטיש“ אינ'ם הויז פון צוויי פארזעסענע מיידלעך, ניט אין קיך, נאר אין זייער עס־צימער. איך זיץ טאקע מיט זיי צוזאמען ביים טיש. מיר האבען געגעסען אייער פון אייער־גלעזלאך. דאס ערשטע מאל האב איך

דעמאלט געזעהען אייער־גלעזלאך; איך האב קיינמאל פון זיי אפילו ניט געהערט. איך בין זיך מודה ומתודה, איך האב ניט גע־וואוסט ווי אזוי אריינצוקריכען. איך בין אבער געווען א הונגע־ריגער און ניט קיין איבערגעשראקענער, און איך האב זיך טאקע באלד אן עצה געגעבען אי מיט אייער־גלעזלאך אי מיט די אייער אזוי, אז די צוויי פארזעסענע מיידען זיינען אזש פארגאפט געווא־רען.

זיי אליין זיינען געזעסען טאקע נאר ווי צוויי קאנאריקלאך. יעדע פון זיי האט זיך געבאברעט מיט איין איי, קוים־קוים איינ־געביסען א דין אויסגעדארט פעניצעל. דאס לעבען איז קוים גע־פלאסען אין זיי; זייער בלוט האט זיך געגליטשט אין זייערע אדערן; א גאנצע נאכט זיינען זיי געשלאפען אונטער ווארעמע קאלדרעס. איך בין די גאנצע נאכט געווען אין דרויסען. א סך פון מיין הייץ־מאטעריאל האב איך פארטאכלעוועט צו דערווא־רימען זיך. פארענדיג פון עפעס א שטעטעל, עמפאריום, ערגעץ אינ׳ם צפון טייל פונ׳ם שטאאט. אויסגעדארטע פעניצלאך! טעם גן־עדן! נאר יעדעס פעניצעל איז ביי מיר געווען גענוג אויף איין ביס, געקלעקט נאר אויף איין צאן. עס פאנגט אן צו נודיען, ווען נאך יעדען ביס דארף מען אויסשטרעקען די האנט און נעמען א פעניצעל, און דא קען איך, דאכט מיר, איינשלינגען א בארג.

ווען איך בין נאך געווען גאר א קליין אינגעלע, האב איך געהאט א קליין הינטעלע. פאנטש האט מען דאס גערופען. איך אליין פלעג דאס באזארגען מיט עסען. עמיצער פון אונזער פא־מיליע האט פון יאגד געבראכט א סך געשאסענע קאטשקעס. און מיר האבען געמאכט א געהויבענע פליישיגע סעודה. אפגעגעסען. האב איך צוגעגרייט די סעודה פאר פאנטשען — א פולען טע־לער מיט ביינער און נאשערייען. איך בין ארויס אין דרויסען איהם דאס אוועקצוגעבען. אין דער מינוט איז גראד צוגעפארען צו אונז א גאסט פון א דערבייאיגער פארם. איהם איז נאכגע־לאפען א ניופאונדלענדער הונט, גרויס ווי א קאלב. איך שטעל אוועק דעם טעלער אויף דער ערד. פאנטש פאנגט אן צו דרעהען

מיט'ן עק, און נעמט זיך צו דער אכילה. א גן־עדן זעהט ער פאר זיך. א סעודה אויף א האלבער שעה נאכאנאנד. און פלוצלונג — א שפאר און א ווארף — און פאנטש פליהט ווי א שמרוי אין א שטורם־ווינט. דער ניופאונדלענדער ווארפט זיך ארויף אויפ'ן טעלער, א פיסק האט ער א גרויסען און עסען עסט ער בחיפזון. און איידער נאך ער האט פון מיר געכאפט א קנאק איבער די ריפען, האט ער איינגעשלונגען אלעס. ער האט דעם טעלער אויס־געטריקענט; אפילו די פעטע סמנים האט ער אויסגעלעקט.

און פונקט ווי יענער גרויסער ניופאונדלענדער הונט, האב איך זיך אויפגעפיהרט ביים טיש פון אט די צוויי פארזעסענע מיידען. אין האריסבורג. איך האב איהם אפגערייניגט, קיין ברע־קעל ניט איבערגעלאזט. איך האב גאר ניט צעבראכען, נאר איך האב אפגערייניגט די אייער, די פעניצלאך, די קאפע. דאס דינסט־מיידעל האט געבראכט נאך, און איך האב זי געהאלטען אין איין מטריח זיין. זי האט געבראכט נאך און נאך. די קאפע איז געווען א מחיה, נאר מען האט זי ניט געדארפט טרינקען אין אזעלכע קליינע טעפעלאך. ווען האב איך שוין געיאלט עסען, אז די גאנצע צייט איז ביי מיר אוועק אויף אנצוגיסען אזוי פיל טעפעלאך?

נאר איין מעלה האבען זיי געהאט, אט די טעפעלאך: זיי האבען מיר נעגעבען צייט זיך צו באלעקען פון איינעם ביז'ן צווייטען. יענע צוויי פארזעסענע מיידען מיט זייערע רויט־און־ווייסע פנים'ער און גרויע לאקען האבען אין זייער לעבס־טאג ניט אריינ־געקוקט אינ'ם קלארען געזיכט פון אן אוואנטוריסט. זייער גאנ־צען לעבען האבען זיי, ווי מען זאגט, געקנאטען ברויט אין איין דייזשע. אין די זיס־שמעקענדע און ענגע חדרים פון זייער שטי־לען עקזיסטענץ, האב איך אריינגעטראגען די שטארקע טענער פון א וועלט, וואס איז אנגעלאדען מיט'ן קרעפטיגען גערוך פון שוויס און קאמף, מיט ריח פון פרעמדע לענדער און פרעמדען באדען. זייערע צארטע דאלאניעס האב איך א קראץ געטאן מיט מיינע מאזאלען־הענט, מיט יענע לאנגע מאזאלעס, וואס קומען פון שלע־פען און ציהען שטריק און פון א סך ארבייט מיט א לאפעטע. און

געטאָן האָב איך דאָס ניט אַזוי צוליעב באַריהמערייט נאָר כּדי צו ווייזען זיי, אַז איך, שווערער אַרבייטער, האָב אַ רעכט אויף זייער צדקה.

אַט זעה איך זיי איצטער, אַט די טייערע ליעבע מיידעל, פּונקט ווי מיט צוועלף יאָהר צוריק, ווען איך בין געזעסען ביי זייער עס־טיש. איך שמועס מכּח מיין אַרט־לעבען טרייסעל אַזוי וואוילעריש אַף אַלע זייערע גוטע עצות און שרעק זיי אָן ניט נאָר מיט מעשׂיות פון מיינע אייגענע אַוואַנטיורעס, נאָר מיט די אַוואַנ־טיורעס פון אַלע מיינע חברים. זייערע אַוואַנטיורעס ווערען איצט מיין אייגענטום. אַ גליק נאָך, וואָס אַט די פרויען זיינען געווען אַזוי עהרליך און פאַרטרויאונגספול, ווייטער וואָלטען זיי מיך גע־ווען פאַרפלאַנטערט אין מיין אייגענער כראָנאָלאָגיע. אָבער דער שפּיץ דערפון איז, אַז עס איז געווען אַ גוטער בייט. פאַר זייער קאַפּע, אייער און פעניצלאַך האָב איך זיי פּינקטליך באַצאָלט. איך איך האָב זיי אונטערהאַלטען ווי אַ גראַף. מיין זיצען דאָרט אַליין איז שוין געווען אַן אַוואַנטיורע פאַר זיי, און אַן אַוואַנטיורע קען מען סיי ווי ניט אָפּשאַצען.

אָפּגעגעסען בין איך פון דאָרט אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין גאַס. דערווייל אַרויסגעכאַפּט אַ צייטונג אין אַ טיר פון עפּעס אַ פעפער און זיך אַוועקגעלייגט אין אַ גרינעם פּאַרק געוואַר ווערען, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן אויף דער וועלט אין די לעצטע פיער־און־צוואַנציג שעה. אין פּאַרק באַגעגען איך נאָך אַ טרעמפּ. ער דערצעהלט מיר זיין לעבענס־געשיכטע און האָמפּערט זיך מיט מיר. ער וויל צוזאַמען מיט מיר זיך אַנשליסען אַן דער אַרמיי פון די פאַר־אייניגטע שטאַאַטען. ער האָט שוין אַלעס צוגעגרייט, אָפּגערעט מיט'ן רעקרוטיר־אָפיצער. ער פאַרשטעהט ניט, פאַר וואָס זאָל איך דאָס ניט טאָן. דעם טעם פון אַ סאָלדאַט האָט ער שוין פאַר־זוכט, מיט עטליכע חדשים צוריק האָט ער געדינט אין קאָקס'ס רעגימענט, וואָס האָט מאַרשירט קיין וואַשינגטאָן, און דאָס לעבען איז איהם געפעלען געוואָרען. איך בין אויך געווען אַן ערפאַהרע־נער סאָלדאַט. איך האָב אַמאָל געדינט אין דער... טער ראָטע

פון דער צווייטער דיוויזיע, פון קעלליִ׳ס אינדוסטריעלע ארמיי. אט די ראטע איז באוואוסט אונטערן נאמען „דער נעוואדא־שטוים“ אבער, מיין ארמיי ערפאהרונג האט אויף מיר געווירקט פונקט פאר־קערט. לאז איך דעם טרעמפ אוועק צו די מלחמה־הינט, און איך נעם מיינע פיס אויף די פלייצעס און מארשיר אוועק זוכען עפעס אין מויל אריין.

אפגע׳פטר׳ט אט דעם חוב, לאז איך זיך ארוים אויף א שפא־ציר איבערן בריק פון דער סאסקוועהאנא, צום מערב־ברעג. איצט געדיינק איך שוין נים, וואס פאר א באן עס לויפט דארט אויף יענער זייט טייך, נאר ליגענדיג אזוי אינ׳ם גראז איז מיר איינ־געפאלען צו פארען קיין באלטימאר, און איך בין טאקע געפארען קיין באלטימאר, טאקע אויף יענעם באן, ווי מען האט איהם דאר־טען ניט גערופען. עס איז געווען א ווארימער נאכמיטאג. ווייטער אויף דעם בריק האב איך אנגעטראפען א גאנצע חברה זיך באדען. פויל איך זיך ניט, ווארף אראפ מיינע מלבושים און שפרינג אריין אין וואסער. דאס וואסער איז א פארגעניגען. איך געה ארוים און גיב זיך א נעהם צו מיינע מלבושים — אהא, מען האט מיך באַ־ראבעוועט. עמיצער האט איבערגעטאפט אלע מיינע קעשענעס. נו, זאגט שוין איהר צי איז דאס אליין ניט א גאנצע אוואנטיורע, גע־נוג כאטש אויף איין טאג? איך קען מענשען, וואס האבען זייער גאנצען לעבען זיך ניט געקענט זאט אנריידען וועגען אזא פאסי־רונג, וואס האט מיט זיי געטראפען. אמת, דער גנב, וואס האט מיינע קעשענעס איבערגעטאפט האט דארט קיין אוצר ניט גע־פונען — סך הכל א דרייסיג־פערציג סענט, א חוץ מיין טאבאק און סיגארעט־פאפיר; נאר איך האב דאך אבער מעהר ניט גע־האט, און דאס גופא איז שוין מעהר, וואס מען קען ביים גרעס־טען טייל מענשען ראבעווען: ביי זיי בלייבט דאך עטוואס אין דער היים. און איך האב ניט קיין היים. א רעכטע באסע־קאמאנדע האט זיך דארט געבאדען. איך האב זיי אפגעמאסטען, פארשטאנען ווער זיי זיינען און אנגענומען א פולע מויל מיט וואַ־סער. פונדעסטוועגען פארויכערן דארף מען. ווענד איך זיך צו

איינעם פון דער חברה נאך א ציגאר־טוטין. איך מעג שווערען. אז יענער האט מיך מכבד געווען פון מיין אייגענעם טאבאק.

איך געה אריבער דעם בריק צום מערב־ברעג. אט דא לויפט די ליניע, וואס איך דארף טאקע. קיין סטאנציע זעה איך אבער ניט. וואס טוט מען? ווי אזוי כאפ איך זיך ארויף אויפ׳ן פראכט־צוג אט דא א טאקע און פארשפאר געהן זוכען ערגעץ א סטאנ־ציע? נאר אט הויבען זיך די רעלסען ארויף אויף א משופע׳ר ווענדונג. צו שנעל לויפען קען דא ניט קיין איבערגעלאדענער פראכט־צוג. אבער ווי שנעל לויפט ער דא? אויף דער צווייטער זייט פון די רעלסען ציהט זיך א הויכער ברעג. ביים ראנד, אויפ׳ן סאמע שפיץ, דערזעה איך א מענשליכען קאפ ארויס־שטעקען פונ׳ם גראז. אפשר ווייסט ער ווי שנעל דער באן לויפט ארויף אויף אט דער ווענדונג? אפשר ווייסט ער ווען דער באן געהט דא פארביי צו דרום צו? איך טהו איהם א רוף און פרעג דאס איהם. ער ווינקט צו מיר, איך זאל ארויפקומען אויפ׳ן בארג.

פאלג איך איהם. איך קום ארויף און טרעף דארט נאך פיער מענשען ליגען אינ׳ם גראז נעבען איהם. א קוק אהער און אהין, איך ווייס שוין ווער די חברה זיינען — אמעריקאנער ציגיינער. אויפ׳ן ברייטען פלאץ, וואס שפרייט זיך ווייט פון ברעג, צווישען די בוימער זיינען געשטאנען עטליכע מאדנע ווע־גענער. אפגעריסענע האלב־נאקעטע קינדער האבען זיך ארומגע־שלעפט, איבערן לאגער. האבען אבער אויסגעמייט דאס פלאץ, וואו די מענער זיינען געלעגען, כדי זיי ניט צו באומרוהיגען. עט־ליכע מאגערע, מיאוסע און אויסגעהארעוועטע פרויען האבען פויל זיך געפארעט מיט׳ן בעלי־בת׳ישקייט, און איינע, האב איך באַ־מערקט, איז געזעסען אליין אויף א וואגען, איהר קאפ אראפגע־האנגען ארויסגעשפארט אביסעל פאראויס, איהרע קני אויפגע־הויבען ביז איהר מארדעטשקע און לויז ארומגעשלאסען מיט איה־רע ארעמס. זי האט ניט אויסגעזעהן גליקליך. עס האט געשיינט אז איהר האט קיין זאך ניט געקימערט — אין דעם האב איך זיך טועה געווען, ווייל שפעטער האב איך געזעהן, אז זי קימערט זיך

יאָ פאַר עפּעס. אַלע צעהן מאָס מענשליכע יסורים זיינען געלע־
גען אויף איהר פּנים, און דערצו, האָט מען געזעהען אין דעם
אויסדרוק פון איהר פּנים די טראַגישע אומפעהיגקייט מעהר צו
ליידען. איהר פּנים האָט אויסדריקליך דערצעהלט, אַז קיין זאַך
קען איהר שוין מעהר ניט וועה טאָן; נאָר אין דעם האָב איך זיך
אויך טועה געווען.

איך ליג אַזוי אין גראָז אויפ'ן ברעג־באַרג און שמועס מיט
די מענער. מיר זיינען דאָך קרובים — ברידער. איך בין דער
אַמעריקאַנער טרעמפּ, און זיי — די אַמעריקאַנער ציגיינער. דורכ־
ריידען זיך האָבען מיר געקענט: איך האָב געקענט זייער פאַר־
שטעלטע שפּראַך, זיי — מיינע. נאָך צוויי פון זייער חברה זיינען
אַוועק אויף יענער זייט טייך, קיין העררישבורג „מאַשענעווען". גע־
וועהנליך זיינען די חברה ספּעציאַליסטען, האָבען עפּעס אַ מלאכה
אין דער האַנט. אָט די צוויי חברה זיינען געווען פּאַראַסאָל —
פאַריכטער; וואָס פאַר אַ מין שפּיצעל עס איז געווען דערין באַ־
האַלטען האָט מען מיר ניט געזאָגט, און עס האָט מיר ניט געפּאַסט
זיי צו פרעגען.

עס איז געווען אַ זעלטענער טאָג. דער ווינט איז ווי אינגאַנ־
צען אָפּגעשטאָרבען, און מיר האָבען זיך אַזוי געוואַרעמט אַנט־
קעגען דער בלענדענדער זון. פון איבעראַל האָט זיך דערטראָגען
דאָס טעמפּע זשומען פון אַלערליי קליינע פליגעלאַך און די ער־
פרישענדע לופט איז פול געווען מיט ריחות פון דער זיסער ערד
און פון גרינע גראָזען. מיר זיינען געווען אַזוי פויל, אַז מעהר ווי
אונטערבורטשען האָבען מיר ניט געקענט אין די צווישען־געשפּרע־
כען. פלוצלונג, גאַנץ אומגעריכט איז די שטילקייט און רוהיגקייט
אויפגעטרייסעלט געוואָרען דורכ'ן מענשען.

צוויי באָרוועסע אינגלאַך האָבען זיך מיט עפּעס פאַרזינדיגט,
עובר געווען אויף עפּעס אַ דין פון זייער שלחן ערוך — וואָס זיי
האָבען געטאָן האָב איך ניט געוואוסט; אַ מאָן, וואָס איז נעבען
מיר געלעגען האָט זיך פלוצלונג אויפגעהויבען און האָט זיי אַ רוף
געטאָן צו זיך. ער איז געווען דער עלטסטער פון דער מחנה, אַ מאָן

מיט אַ שמאָלען שטערן און מיט שמאָלע אייגעלאך. זיינע דינע ליפּען און אויסגעקרימטע סאַרדאָנישע שטריכען האָבען ערקלערט פאַרוואָס די צוויי אינגלאך האָבען אַ שפּרונג געטאָן און זיך צו־נויפגעקנייטשט ווי איבערגעשראָקענע הירשען ביים קלאַנג פון זיין קול. זייערע פּנים׳ער זיינען ווי פאַרשטיינערט געוואָרען פאַר שרעק. דרעהען זיי זיך אויס אין אימה און לויפען. רופט ער זיי צוריק. איין אינגעל האַלט זיך אַביסעל אָפּ, ניט ווילענדיג. זיין קליין מאגער קערפּערל צייגט דייטליך די מלחמה צווישען זיין שרעק און פאַרשטאַנד. ער וויל זיך אומקערען. זיין אינטעליגענץ און אמאָ־ליגע ערפאַרונג זאָגען איהם אונטער בעסער זיך אומצוקערען און ניט לויפען ווייטער. אָבער ווי בעסער דאָס איז ניט, איז דאָס שרעקליך געגנוג. זיינע פיס פאָלגען איהם ניט און אליין פון זיך לויפען זיי ווייטער.

פונדעסטוועגען האַלט ער זיך צוביסלאַך אָפּ, און אַזוי, וואַק־לענדיג קומט ער צו ביז די ביימער. דאָרט שטעלט ער זיך אָפּ. דער עלטסטער פון דער מחנה ריהרט זיך ניט פון׳ם אָרט, לויפט ניט נאָך. פּאַמעלאַך געהט ער צו צו אַ וואָגען, שלעפּט פון דאָר־טען אַרויס אַ גראָבע בייטש און קומט צוריק אַרויס אויפ׳ן אָפענעם פּלאַץ. רוהיג שטעהט ער, קיין וואָרט רעדט ער ניט; טוט אפילו נים קיין פינטעל מיט׳ן אויג. ער איז דאָס געזעץ, ער איז קהל. אומרחמנות׳דיג, אַלמעכטיג. אַזוי שטעהט ער אין מיטען פּלאַץ און וואַרט. איך וויים און אַלע וויסען, אפילו די צוויי אינגלאַך אינ׳ם שאָטען פון די ביימער וויסען אויף וואָס ער וואַרט.

דאָס אינגעל, וואָס האָט זיך צוריקגעהאַלטען איז צוריק גע־קומען. זיין פּנים פול מיט שרעק, האָט עדות געזאָגט אויף זיין פעסטען באשלוס. דאָס אינגעל וואַקעלט זיך נים. און, מאַלט אייך, די שטראָף איז נים געווען פאַר׳ן ערשטען חטא, נאָר פאַר׳ן אַנטלויפען. נוהג געווען האָט זיך דער עלטסטער אַקוראַט ווי די הויכגעשעצטע געזעלשאַפט, צווישען וועלכער ער אליין לעבט. מיר באַשטראָפען אונזערע פאַרברעכער — אַנטלויפען זיי, כאַפּען מיר זיי ווידער און פאַרגרעסערן זייער שטראָף.

דאָס אינגעל קומט צו צום עלטסטען, שטעלט זיך אָפּ אויף א גענײגענדער ווייט, כדי די בײטש זאָל האָבען פּלאַץ גענוג זיך צוהוידען און איהם שמייסען. די בײטש האָט א פּייף געטאָן אין דער לופט און מיר האָט א טיאַכקע געטאָן דאָס האַרץ פון'ם קלאַפּ, וואָס אזא שוואונג טראָגט מיט זיך. אויפ'ן דינינקען קליין פיסעלע איז גלייך געוואָרען א ווייסער סימן, וואו די בײטש האָט זיך אַרומגעוויקעלט און זיך איינגעשניטען, און אַרום ווייסען סימן האָט גלייך אויפגעטראָגען א באַרג. אויף עטליכע ערטער, וואו די הויט האָט געפּלאַצט האָט פּאַמעלאַך אָנגעהויבען צו פליסען בלוט. און ווידער האָט די בײטש א פּייף געטאָן און דער גאַנצער קערפּער פון'ם אינגעל האָט זיך א נייג געטאָן אין א זייט, פון דער ווייטען נאָך, דערפיהלענדיג דעם לויפענדען קלאַפּ. דאָך פון אָרט האָט ער זיך אפילו ניט געריהרט. זיין עקשנות האָט זיך נאָך געהאַלטען. נאָך א בערגעל איז אויפגעטראָגען געוואָרען און א דריטער. ערשט ביים פערטען קלאַפּ האָט דאָס אינגעל אַרויס־געלאָזט א געשריי. ער האָט שוין מעהר ניט געקענט איינשטעהן. און פון דעמאָלט האָט ער ביי יעדען קלאַפּ אויפגעשפּרונגען און זיך אַראָפּגעזעצט שרייענדיג מיט באַנומענע קולות. ער האָט אָבער אפילו קיין פּאַרזוך ניט געמאַכט צו אַנטלויפען. און ווען די עקזע־קוציע האָט זיך געענדיגט, נאָך א דוצענד אַזעלכע שמיץ, — איז ער אַוועק כניקענדיג און קוויטשענדיג צו די וועגענער.

דער עלטסטער איז געשטאַנען רוהיג און געוואַרט. דאָס צווייטע אינגעל איז אַרויסגעקומען פון צווישען די בוימער. ער איז אָבער ניט צוגעקומען גלייך. ער איז צוגעקראָכען ווי א הינטעל, וואָס חנפ'עט זיך. אָט באַהערשט איהם א פּחד און ער טאַנצט אָפּ צוריק עטליכע טריט. ער קערט זיך אָבער גלייך אום און דרעהט זיך אַלץ נעהענטער צו צום מאַן, כניקעט, און פון האַלז רייסען זיך אַרויס מאָדנע אומדייטליכע געשרייען ווי פון א חיה. איך האָב געזעהען אז ער האָט אפילו נאָך ניט א קוק געטאָן אויפ'ן מאַן. ער האָט נאָר געקוקט אויף דער בײטש, און פון זיינע אויגען האָט געשטראַמט א פּחד, וואָס האָט מיך ביים האַרצען א נעם

געטאָן — דערווילדער פּחד פון א קינד וועמען מען פייניגט נאָר אהן א גרעניץ. איך האָב געזעהען, ווי געזונטע מענשען פאַלען אוועק רעכט און לינקס אויפ'ן שלאַכט־פעלד, און מען לאָזט זיי דאָרט אזוי איבער זיך צו שלענגלען און וויקלען אין זייער גסיסה. איך האָב געזעהען ווי צענדליגער מענשען ווערען אויפגעריסען און צושטויבט דורך פּלאַצענדע קאַנאָנען־באָמבעס; נאָר דאָס אלץ איז אבער א שפּילעכעל און געלעכטער, אזוי האָב איך געפיהלט, אין פאַרגלייך מיט די יסורים פון אַט דעם קינד.

די עקזעקוציע האָט זיך אָנגעפאַנגען. די שמיץ וואָס דער ערשטער אינגעל האָט געכאַפּט איז געווען א געלעכטער אין פאַר־גלייך מיט אַט די שמיץ. אין א רגע האָט זיך שוין דאָס בלוט געגאָסען פון זיינע קליינע פּיסלאַך. ער האָט געטאַנצט, זיך גע־שלענגעלט, זיך איינגעבויגען אין דרייען אזוי, אז מען האָט געקענט מיינען, אז דאָס איז עפּעס א מין פאַנטאַסטישע קוקלע, וואָס טאַנצט אויף א שטריקעל. איך זאָג „מען האָט געקענט מיינען“ וויל זיינע געשרייען האָבען דאָס „מיינען“ גלייך אָפּגעלייקענט. און זיינע געשרייען זיינען געווען שאַרף, שניידיג; קיין איין הייזעריגער רוף, נאָר דאָס דינע סעקסלאַזע קול פון א קינד. ס'איז שוין אזוי ווייט דערגאַנגען, אז דער אינגעל האָט דאָס שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען. דער געדאַנק האָט איהם פאַרלאָזען, און ער האָט געמאַכט א פאַרזוך צו אַנטלויפען, נאָר איצט איז דער מאַן אבער אוועק נאָך איהם און מיט דער בייטש איהם ווי־דער ארויפגעטריבען צוריק אויפ'ן אָפּענעם פּלאַץ.

און פּלוצלונג ווערט דאָס אונטערבראָכען. איך דערהער א ווילדען שטיקענדען געוויין. די פרוי, וואָס איז געזעסען אויפ'ן וואַגען איז אראָפּ פון דאָרט און גלייך געלאָפען אַפּצושטעלען די עקזעקוציע. זי איז אריין צווישען דעם מאַן און דעם אינגעל.

„דו ווילסט עטליכע, האַ?“ האָט ער א זאָג געטאָן און א פאָך געטאָן מיט דער בייטש. „נו גוט, נו“.

ער האָט גלייך פאַרהויבען די בייטש אויף איהר. איהר קליידעל איז געווען לאַנג, האָט ער זיך אויף די פיס אפילו ניט

געצילט. ער האָט זיך פאַרמאַסטען אויף איהר פּנים, וועלכען זי האָט פאַרדעקט ווי נאָר זי האָט געקענט מיט איהרע הענט און מיט די עלענבויגענס אראָפּלאָזענדיג דעם קאָפּ צווישען איהרע דאַרע אַקסלען. די קלעפּ האָט זי געכאַפּט אויף די הענט און אויף די מאַגערע אַקסלען. העלדישע מוטער! זי האָט פאַראויס געוואוסט וואָס זי געהט דאָ טאָן. דער אינגעל, וואָס האָט נאָך אַלץ געשריען מיט באַנומענע קולות איז אוועק ערגעץ צווישען די וועגענער.

די גאַנצע צייט האָבען די פיר מענער, וואָס זיינען געלעגען נעבען מיר, געקוקט און זיך אַפילו פון אָרט ניט גערירט. איך האָב זיך אויך ניט א ריהר געטאָן, און דערצעהל דאָס אַפילו אָהן בושה; הגם מיין פאַרשטאַנד האָט שווער געקעמפּט מיט מיין גע־פיהל אויפצושטעהן און זיך אריינמישען. איך האָב געקענט דאָס לעבען. וואָס וואָלט געווען ארויסגעקומען דער פרוי אדער מיר, ווען די פינף מענער דאַרטען אויפ'ן ברעג פון דער סאַסקוועהאַנאַ זאָלען מיר געוועזן דערשלאָגען אויף טויט? איך האָב אַמאָל גע־זעהן ווי מען האָט אויפגעהאַנגען אַ מענשען, מיין גאַנצע נשמה האָט אויפגעשטורעמט מיט פּראָטעסט, איך האָב אָבער אַפילו קיין פּיפּס ניט געטאָן. וואָלט איך נאָר געווען דאָס מויל געעפענט וואָלט מען מיר מיין פּנים געוועזן צוקלאַפּט מיט אַ רעוואָלווער. דאָרט האָט דאָס געזעץ געהייסען דעם מענשען אויפהענגען, און דאָ, אין דער ציגיינער־מחנה האָט דאָס געזעץ געהייסען שמייסען די פרוי.

פונדעסטוועגען, איז די אורזאַכע וואָס איך האָב זיך ניט אריינגעמישט אי דאָרט אי דאָ געווען ניט אַזוי צוליעב דרך ארץ פאַר'ן געזעץ, נאָר ווייל דאָס געזעץ איז געווען שטאַרקער פון מיר. ווען ניט די פיר מענער, וואָס זיינען געלעגען נעבען מיר אינ'ם גראָז, וואָלט איך מיט פאַרגעניגען געווען זיך צוגעשלעפּט צום מאַן מיט דער בייטש, און איך בין זיכער, — ווען נאָר עמיצער פון די פרויען וואָלט מיר פריער ניט דערשטאָכען מיט אַ מעסער אדער געפּלעט דעם מח מיט אַ דרענגעל, — אז איך וואָלט פון איהם געמאַכט אַ קאַשע. נאָר די פיר מענער זיינען יע געלעגען נעבען

מיר, אינ׳ם גראז. זייער געזעץ איז דערפאר געווען שטארקער פון מיר.

אך! גלויבט מיר, איך האב גענוג געליטען. איך האב שוין אמאל געזעהען ווי מען שלאגט פרויען, קיינמאל האב איך אבער אזא מין שלאגען ניט געזעהען. איהר קלייד ארום די אקסעל איז צופאסעוועט געווארען. איין קנאק, וואס האט זיך דורכגעריסען דורך איהר „פאנצער" האט איהר אויפגעטראגען א בלוטיג בער־געלע איבערן גאנצען פנים פון איין באק צו דער צווייטער. ניט איין מאל און ניט צוויי מאל ניט אפילו קיין דוצענד אדער צוויי דוצענד, נאר ענדלאז, אהן א צאל האט די בייטש זיך איינגע־שניטען און ארום געדרעהם ארום איהר ליב — א שוויים האט מיך באדעקט, דער אטעם האט מיך פארכאפט. איך האב זיך מיט ביידע הענט איינגעפלאכטען אינ׳ם גראז און דאס מיט די ווארצ־לען אויסגעריסען. און די גאנצע צייט האט מיר מיין פארשטאנד גע־האלטען אין איין אונטער׳זאגען, „נאר! נאר!" אט די אויפגע־שוואלענע קישקע האט פארפולט דעם בעבער. איך האב אנגע־פאנגען זיך אויפהויבען; נאר דער מאן, וואס איז געלעגען נעבען מיר האט מיט זיין האנט אראפגעדריקט מיין אקסעל.

„פאוואליע, רב קרוב, פאוואליע," האט ער מיך געווארנט שטילערהייט. איך האב אויף איהם א קוק געטאן. ער האט אויף מיר געקוקט גלייך, אפילו ניט געטאן קיין פינטעל מיט׳ן אויג. ער איז געווען גרויס, ברייט־פלייציג מיט שטארקע מוסקולען; זיין פנים פויל, פלעגמאטיש, פארשלאפען, הגם פריינדליך אבער ניט היציג, כמעט אהן א נשמה—עפעס א ניצוץ וואס לייכט זיך קוים־קוים, ניט בייז, ניט מאראליש, טעמפ און עקשנותדיג. א חיה איז דאס גע־ווען, די אינטעליגענץ האט קוים דארט געצאנקט, א גוטמוטיגע חיה קרעפטיג און פארשטענדיג ווי א גארילא. ער האט מיך קרעפ־טיג אראפגעדריקט מיט זיין האנט, און איך האב זיך שוין משער געווען ווי קרעפטיג זיין מוסקול איז. איך האב א קוק געטאן אויף די אנדערע חיות. צוויי פון זיי ליגען זיך גאנץ רוהיג און גלייכ־גילטיג, דער דריטער האט זיך אזש באלעקט פון דער סצענע; מיין

שכל איז צו מיר צוריק געקומען, איך האב זיך אפגעלאזט און צוריק זיך אויסגעצויגען אויפ'ן גראז.

מיין געדאנק האט מיך איצט אריבערגעטראגען צו די צוויי פארזעסענע מיידען, וואס האבען מיך היינט אין דער פריה מכבד געווען מיט אזא סעודה. זיי האט אפגעטיילט פון אט דער סצענע סך הכל וויינציגער פון צוויי מייל. איצט, אין אזא פראכטפאלען טאג, אונטער אזא זיס־ווארעמער זון האט מיינער א ברודער געשלאגען זייער א שוועסטער. אט איז א בלעטעל פונ'ם לעבען, און זיי וועלען עס קיינמאל ניט אנקוקען אפילו — און עס איז טאקע בעסער אזוי, הגם, אהן דעם וועלען זיי קיינמאל ניט קענען פארשטעהן זייערע שוועסטער, זיי וועלען אפילו ניט וויסען פון וואס פאר א ליים זיי זיינען אויסגעקנאטען געווארען, ווייל ס'איז ניט באשערט, אז א פרוי, וואס לעבט אין זיס־שמעקענדיגע חדרים זאל זיין אין דער זעלביגער צייט א שוועסטערל דער גאנצער וועלט.

די עקזעקוציע האט זיך געענדיגט, די פרוי האט שוין מעהר ניט געשריען. זי האט זיך ווידער אוועקגעזעצט אויף איהר פלאץ אינ'ם וואגען. די אנדערע פרויען זיינען אפילו צו איהר ניט צוגעגאנגען — אויף דער מינוט. זיי האבען מורא געהאט. זיי זיינען אבער שפעטער אביסעל יא צוגעקומען. דער מאן האט אוועקגעליינט די בייטש, איז צוגעקומען צו אונז און האט זיך א ווארף געטאן אויפ'ן גראז נעבען מיר. ער האט שווער געסאפעט פון זיין פראצע. מיט'ן ארבעל פון זיין רעקעל, האט ער אפגעווישט דעם שוייס פון זיין פנים און אזוי געווארפען אן ארויסרופענדען בליק אויף מיר. איך האב איהם געענטפערט מיט א זארגלאזען בליק, ווי איינער זאגט, ס'איז ניט מיין דאגה, וואס דו טוסט דארטען. איך בין ניט אוועק פלוצלונג. איך בין נאך געלעגען ארום א האלבע שעה; דאס האט געפאדערט די עטיקעטע און דאס איז געווען גאנץ טאקטיש. איך האב געדויכערט סיגארעטלאך וועלכע איך האב טאקע ביי זיי געקראגען און ווען איך האב זיך אראפגעלאזט פונ'ם בארג צו די רעלסען האב איך שוין געהאט אלע נויטיגע ידיעות מכח דעם צוג, וואס לויפט קיין דרום צו.

נו, וואס איז דארטען אזוי? נאך א בלעטעל פונ׳ם לעבען, ניט מעהר; און ס׳זיינען דא נאך ערגערע בלעטלאך, א סך ערגערע, וואס איך האב געזעהען. איך האב אמאל אין א לעקציע געזאגט (אין א וויץ, אזוי האבען מיינע צוהערער געגלויבט), אז דער הויפט חלוק צווישען א מענשען און א חיה איז די שלעכטע באהאנדלונג פון פרויען. קיין אנדער חיה באהאנדעלט ניט שלעכט די „זי“ אפילו דער וואלף אדער גאר דער שרעקליכער ביל-וואלף טראגט אויף זיך ניט אזא זינד. דער הונט וואס איז דעגענערירט געווארען דורך דעם מענשענס געוואוינהייטען טוט דאס אויך ניט. אין דער הינזיכט האט דער הונט נאך איינגעהאלטען זיין ווילדען אינסטינקט, דער מענש אבער האט פארלארען אלע זיינע ווילדע אינסטינקטען — אמווייניגסטענס די גוטע.

איהר ווילט ערגערע בלעטלאך פונ׳ם לעבען ווי די, וואס איך האב באשריבען? לעזט די באריכטען וועגען קינדער-ארבייט אין די פאראייניגטע שטאאטען, די באריכטען פון מזרח, פון מערב, פון צפון, פון דרום, קיין חלוק ניט פון וואנען — און ווייסט אז מיר אלע, פראפיטען-זוכער וואס מיר זיינען, זיינען אליין די זעצער און דרוקער פון ערגערע בלעטלאך פונ׳ם לעבען ווי דאס בלעטעל פון ווייב-שלעגעריי אויף׳ן ברעג פון דער סאסקאוועהאנא.

איך בין אראפ א הונדערט יארד נידעריגער צום סאמע אנפאנג פון דער רעלסען-ווענדונג, דארט, וואו די ערד איז אביסעל הארטער. דא פארהאלט דער באהן זיין געלויף, און שלעפט זיך פאמעלאך ארויף׳ן בארג, און דא האב איך שוין געטראפען א האלבען דוצענד טרעמפס, וואס האבען אויך געווארט אויפ׳ן צוג. עטליכע האבען געשפילט אין זיבעטלאך, מיט אן אלט פעשעל קארטען. איך בין אריין אין קאן. א ניגער האט אנגעפאנגען איבערצוטאשען די קארטען. ער איז געווען פעט און יונג. זיין פנים איז געווען קיילעכדיג ווי די לבנה. די גוט-מוטיגקייט האט פשוט ארויסגעשטראמט פון זיין פנים. מען האט געקענט זעהען ווי זי פליסט פון איהם. ווי נאר ער האט מיר דערלאנגט די ערשטע קאַרט, שטעלט ער זיך אפ און זאגט:

„זאג נאר, טרעמפעניו, האב איך דיך ערגעץ פריהער ניט גע־זעהען?"

„זיכער האסטו מיך געזעהען", ענטפער איך. „און דו האסט דאמאלט גאר ניט געטראגען אזעלכע בגדים".

ער איז פארגאפט געווארען.

„געדיינקסטו באפאלא?" האב איך זיך נאכגעפרעגט.

ער האט מיך דערקענט, און האט מיר אפגעגעבען א חבר'שען ברוך־הבא מיט פרייד, געלעכטער און פארשידענע הויות; ווייל אין באפאלא האט מען ביי איהם אראפגענומען זיינע קליידער בעת ער איז אפגעזעסען זיין טערמין אין דער „איריע־טורמע". ער איז אבער אין דעם ניט געווען קיין בן יחיד, ביי מיר האט מען אויך אראפגענומען מיינע קליידער ווען איך בין אפגעקומען מיין שטראף.

די שפיעל האט זיך פארצויגען, און איך בין געוואהר געווא־רען וואס מען שטעלט דא אין קאן. אראפ אונטען ביים ברעג, נעבען טייך, האט זיך געצויגען א משופע, שמאל שטעגעלע צו א קוואל א פינף־און־צוואנציג פוס טיעף. מיר האבען געשפילט ביים סאמע עק פון'ם ברעג. דער וואס האט פארשפילט האט געדארפט מיט א קליין בלעכען קריגעלע פון קאנצענטרירטער מילך, זיך אראפלאזען צום קוואל און טראגען וואסער פאר די, וואס האבען געוואונען.

דער ערשטער קאן האט זיך געענדיגט און דער ניגער האט פארשפילט. ער האט גענומען דאס קליינע בלעכענע מילך־קריגעלע און זיך אראפגעלאזט אונטען און מיר דא פון אויבען האבען דער־וויייל פון איהם געשפעט און זיך גערייצט מיט איהם. מיר האבען געטרונקען ווי די פיש. צוליעב מיר אליין האט ער זיך געמוזט מטריח זיין פיער מאל, די אנדערע זיינען אויך געווען אזוי דורשטיג. דאס שטעגעלע איז געווען זייער משופע און דער ניגער פלעגט זיך אפט, אין וועג, בעת ער איז ארויפגעקומען מיט דער וואסער, אויסגליטשען און אויסגיסען דאס קריגעלע און נאכאמאל זיך אראפלאזען נאך וואסער. ער איז אבער איינמאל אין כעס ניט גע־ווארען. ער האט אזוי הארציג געלאכט, ווי יעדער איינער פון

אונז ; דערפאַר טאַקע פלעגט ער זיך אַזוי אָפּט אויסגליטשען. ער האָט אונז אויך פאַרזיכערט, אַז ער וועט אויסטרינקען דעם ירד'ן ווען עמיצער אַנדערש וועט פאַרשפּילען.

אָפּגעלאָשען אונזער דורשט, פאַנגען מיר אָן אַ נייעם קאָן. און ווידער אַ מאָל האָט דער ניגער פאַרשפּילט און ווידער האָבען מיר געטרונקען ווי פיעל נאָר מיר האָבען געקענט. אַ דריטער קאָן און אַ פערטער האָט זיך אויך אַזוי געענדיגט. און אַלע מאָל איז דער טונקעלער לבנה־פּנים שיער ניט צוזעצט געוואָרען פון געלעכטער. וואָס דאָס מזל זיינער האָט צו איהם זיך אַזוי אַנגעטשעפּעט. און מיר זיינען פאַר נחת שיער ניט צושמאָלצען געוואָרען מיט איהם אינאיינעם. מיר האָבען געלאַכט ווי זאָרגלאָזע קינדער אָדער גע־טער אָט דאָ, ביים עק פון'ם ברעג. איך ווייס, אַז איך האָב גע־לאַכט ביז מיר האָט געדוכט אַז אָט־אָט שפּרינגט ביי מיר דער קאָפּ אַראָפּ, און געטרונקען האָב איך פון אָט דעם בלעכען מילך־קריגעלע ביז איך בין געוואָרען דורכגעזאָפּט מיט וואַסער. אַז ערענסטע דיסקוסיע האָט זיך אַנגעפאַנגען צי ווּלען מיר קענען אַרויפטאַנצען אויף דער פראַכט־צוג בעת ער שלעפּט זיך אַרויף אויף אָט דער משופּע ווענדונג ; אפשר וועט ער נאָר בלייבען שטעהן צוליעב דער שווערער משא פון דער וואַסער. אָט דער פּונקט האָט אינגאַנצען אַוועקגעלייגט דעם ניגער. גאַנצע פינף מינוטען האָט ער קיין וואַסער ניט געקענט טראָגען, ער האָט זיך געקאַטשעט אויף דער ערד פון געלעכטער.

די לאַנגע שאָטענעס האָבען זיך אַלץ ווייטער צוציגען איבער'ן טייך. דער ווייכער קיהלער בין־השמשות האָט זיך אַנגערוקט און מיר האָבען נאָך אַלץ געטרונקען וואַסער און אונזער שוואַרצער שר־המשקים האָט געבראַכט מעהר און מעהר. די פרוי, וואָס מען האָט מיט אַ שעה צוריק געשלאָגען, האָב איך שוין פאַרגעסען. דאָס איז געווען אַז איבערגעלייענט און איבערגעמישט בלעטעל ; איצט בין איך שוין געווען באַשעפטיגט מיט אַ ניי בלעטעל און ווען דער לאָקאָמאָטיוו וועט אַ פייף טאָן ביי דער ווענדונג, וועט זיך דאָס בלעטעל אויך ענדיגען, און אַ פרישׂ בלעטעל וועט זיך אָנפאַנגען.

אט אזוי בלעטערט זיך דאס בוך פון לעבען. א בלעטעל נאך א בלעטעל אהן א סוף — ווען מען איז יונג.

און מיר שפּילען ווידער. דאס מאל האט דער ניגער שוין ניט פארלארען. דער קרבן איז געווען א מאגערער טרעמפּ, מיט א קרענקליך אויסזעהען. ער האט פאר דער גאנצער צייט געלאכט וויי־ניגער פון אונז אלעמען. זאגען מיר, מיר ווילען שוין מעהר ניט קיין וואסער — דאס איז געווען דער ריינער אמת. קרח׳ס גוטס אדער א פרעס מאשין וואלט אפילו קיין טראפּען וואסער אין מיר ניט געקענט אריינפרעסען, אזוי פול בין איך געווען. דער ניגער האט אויסגעזעהען ענטוישט. ער האט זיך אבער באלד א הויב געטאן לכבוד דער אנגעלעגענהייט און א זאג געטאן, אז ער וויל וואסער. ער האט טאקע באמת געוואלט וואסער. ברייננגט איהם דער טרעמפּ אביסעל וואסער און נאך אמאל וואסער און ווי־דער אמאל וואסער. דער מעלאנכאלישער טרעמפּ האט געהאלטען אין איין ברייננגען וואסער, זיך געשלעפּט ארויף און אראפּ איבער דעם שמאלינקען משופּע־שטעגעלע און דער ניגער טרינקט און הייסט זיך ברייננגען נאך. ער האט מעהר געטרונקען ווי מיר אלע צוזאמען. די נאכט האט זיך אנגערוקט, די שטערען האבען זיך באוויזען און ער טרינקט אלץ. איך מיין ווען דער צוג זאל ניט געווען א פייף טאן, וואלט דער ניגער נאך עד היום דארטען געלע־גען און געשלונגען וואסער און זיך גוקם געווען אין דעם מעלאנ־כאלישען טרעמפּ.

נאך דער באהן האט א פייף געטאן. דאס בלעטעל האט זיך געענדיגט. מיר זענען אלע אויפגעשפּרונגען און זיך אויסגעשטעלט נעבען די רעלסען. אט קומט דער צוג, סאפּעט און הוסט, שלעפּט זיך ארויף אויף דער ווענדונג. מיט דעם פראנט־לאמטערן מאכט ער פון נאכט — טאג, ווארפט אן אונזערע שאטענס זעהר בולט. דער לאקאמאטיוו געהט פארביי, מיר לאזען זיך אלע נאכלויפען. עטליכע פון אונז טשעפּען זיך אן אויף די זייטיגע לייטערלאך, אנ־דערע וויעגען זיך אריין אין די זייט־טירען. איך בין ארויף אויף

א פלאכען וואגאן, אנגעלאדען מיט געהילץ. איך פארקלייב זיך ערגעץ אין א גוטינקען ווינקעלע, ציה זיך אויס אויפ'ן רוקען, לעג צוקאפענס א צייטונג. די שטערען פינקלען איבער מיר און לויפען אהער און אהין. אט אזוי קוקענדיג אויף די שטערען, ווער איך אנשלאפען. דער טאג האט זיך געענדיגט — איינער פון מיינע טעג. מארגען וועט קומען אן אנדער טאג. און איך בין יונג.



# אריינגעפאלען.

צו דער סטאנציע ניאגארא־פאלס בין איך אנגעקומען אין א פולמאן־וואגאן מיט א טיר אין דער מיט, אדער פראסט גערעדט, אין א פראכט־וואגאן. אגב, א פלאכער פראכט־וואגאן איז צווישען אונזער חברה באוואוסט אונטער'ן נאמען „גאנדאלא", מיט'ן טראפ אויף דער צווייטער זילבע און דוקא צוצויגען. קום איך אן שוין נאך מיטאג, און גלייך פונ'ם פראכט־צוג לאז איך זיך אוועק צו די וואסער־פאלען. און ווי נאר מיינע אויגען האבען באריהרט אט דאס וואונדער־בילד, בין איך שוין געווען א פארפאלענער. איך האב זיך שוין ניט געקענט אפרייסען דערפון. ניט געקענט פשוט געהן ערגעץ בעטען עפעס עסען. אפילו אן „עק־טיש" וואלט מיך ניט געקענט געוועזן אוועקנארען פון דארט. דערוויילע פאלט צו די נאכט — א שעהנע לבנה־נאכט — און איך שטעה דארט אזוי אפ ביז ארום נאך עלף. איצט מוז איך שוין א נישטער טאן ערגעץ א פלאץ איבערצו„כירען" די נאכט.

„כירען", „אויסציהען זיך", „זיך א וואלגער טאן", „אראפ־לאזען אן אויער", זענען אלץ ווערטער, וואס מיינען איין זאך: שלאפען. עפעס האט זיך מיר געבאמבעלט אין קאפ, אז ניאגארא־פאלס איז א „שלעכטע" שטאט פאר טרעמפס, לאז איך זיך אוועק אויף די פעלדער. איך טאנץ אריבער א פלויט און „גיב זיך א וואלגער" אויפ'ן פעלד. „קהל" וועט מיך באין אופן דארט ניט געפינען, טרייסט איך זיך אליין, ציה זיך אויס ווי לאנג איך בין און שלאף איין אויפ'ן גראז ווי א פיצעלע קינד. עס איז געוועזן אזוי מחיה'דיג ווארעם, אז די גאנצע נאכט האב איך זיך אפילו איין מאל ניט איבערגעדרעהט. עס הויבט אן שארוען אויף טאג,

עפּען איך אויף די אויגען און דערמאָן זיך באַלד אָן די וואונדער־באַרע וואַסער־פאַלען. איך טאַנץ צוריק אַריבער דעם פּאַרקאַן און לאָז זיך אַוועק מיט'ן וועג צו כאַפּען אויף זיי נאָכאַמאָל אַ קוק. פריה איז נאָך געווען — ניט שפּעטער פון פינף אַ זייגער — און פאַר אַכט אַ זייגער קען מען דאָך סיי ווי ניט קלאַפּען אין פרעמדע טירען און בעטען עפּעס עסען. אַמוזינציגנגסטען, קען איך פאַר־ברענגען אַ דריי שעה ביים טייך. נאָר וועה! ס'איז מיר, ווייזט אויס, ניט באַשערט געווען נאָכאַמאָל אָנצוקוקען ניט דעם טייך און ניט די וואַסער־פאַלען.

דאָס שטעטעל איז נאָך געשלאָפען. אויפ'ן טראָטואַר אַנט־קעגען מיר, האָב איך דערזעהן דריי מענשען. זייט ביי זייט שפּאַ־צירען זיי. טרעמפּס, טראַכט איך זיך, ווי איך אַליין, וואָס זענען אויפגעשטאַנען פריה. אָט די השערה איז אָבער געווען פאַלש. גערעכט בין איך נאָר געווען אויף זעקס און זעכציג מיט צוויי דריי־טעל פּראָצענט. די צוויי מענשען ביי די זייטען זענען טאַקע געווען טרעמפּס, דער מיטעלסטער איז אָבער ניט געווען קיין טרעמפּ. קערעווע איך זיך אָפּ צום ברעג פונ'ם טראָטואַר, כדי דורכצולאָזען די טראַיקע. געהען זיי אָבער ניט פאַרביי. אויפ'ן באַפעל פונ'ם מיטעלסטען מענשען האָבען זיך אַלע דריי אַ שטעל געטאָן, און יענער ווענדט זיך צו מיר.

אין אַ רגע האָב איך דאָס שוין צוקייעט. ער איז געווען אַ נאַכט־שומר און די צוויי טרעמפּס זענען געווען זיינע געפאַנגענע. דאָס געזעץ דרימעלט ניט: פאַרטאָג שוין האָט דאָס געניִשטערט און געזוכט אַ ווערימעל. איך בין געווען דאָס ווערימעל. וואָלט איך געווען רייכער מיט דער ערפאַהרונג, וואָס איך האָב געקראָגען אין די וויי‎טערדיקע צוויי חדשים, וואָלט איך זיכער געווען געמאַכט אַן השיבינו נאָזאַד און אַוועק וואו דער שוואַרצער פּעפער יואַקסט. ער וואָלט מיר אפשר געווען נאָכגעשאָסען, נאָר ער וואָלט מיר גע־זוען געדאַרפט פריהער טרעפען, איידער ער וואָלט מיך גענומען. ער וואָלט אַפילו נאָך מיר ניט געווען געלאָפען, ווייל צוויי טרעמפּס, שוין אין די הענט, זענען מעהר ווערטה ווי איינער, וואָס אַנטלויפט.

נאָר עפּעס ווי א תם, ווי אַ גולם האָב איך זיך אָפּגעשטעלט, ווען ער האָט מיר געהייסען זיך שטעלען. אונזער געשפּרעך איז געווען קורץ.

„אין וועלכען האָטעל שטעהסטו?" האָט ער מיך אַ פרעג גע־טאָן.

ער האָט מיך גלייך געפּאַקט. איך בין ניט איינגעשטאַנען אין קיין האָטעל, איך האָב ניט געוואוסט קיין נאָמען פון די שטאָ־טישע האָטעלען, און האָב, פאַרשטעהט זיך, ניט געקענט טענה'ן, אַז איך וואוין ערגעץ וואו. און ווידער איך בין צו פריה אויפגע־שטאַנען. הימעל און ערד האָבען גערעדט געגען מיר.

„איך קום נאָר־וואָס צופאָרען", זאָג איך.

„נו, דרעה זיך אום און מאַרשיר פאָראויס, נאָר פאַרקריך ניט צו ווייט, עמיצער וויל זיך מיט דיר זעהן".

איך בין אַרעסטירט. איך ווייס ווער עס וויל זיך מיט מיר זעהן. מיט דעם נאַכט־שומר און די צוויי טרעמפּס הינטער מיר האָב איך געפיהרט די פּראָצעסיע צו דער שטאָט טורמע. דאָרטען האָט מען אונז גאַנץ פיין באַזוכט און פאַרצייכענט אונזערע נעמען. פאַרשריבען האָב איך זיך אַלס דזשעק דרייק, נאָר ווען מען האָט מיך באַזוכט, האָבען זיי געפונען ביי מיר בריעף אַדרעסירט צו דזשעק לאָנדאָן. דאָס האָט דעם עסק אַביסעל פאַרפּלאָנטערט און איך האָב געמוזט זוכען תרוצים, וועלכע איך האָב שוין איצט פאַר־געסען, און נאָך עד היום ווייס איך ניט צו בין איך אַריין אין "קאָזע" אַלס דזשעק דרייק אָדער דזשעק לאָנדאָן. נאָר איינער פון אָט די צוויי נעמען איז זיכער פאַרצייכענט אויף דעם רייסטער פון דער טורמע אין ניאַגאַראַ־פאָלס. געווען איז דאָס אין דער צוויי־טער העלפט פון יוני 1894. אין עטליכע טעג אַרום נאָך מיין אַרעסט האָט אויסגעבראָכען דער גרויסער אייזענבאַהן סטרייק.

פונ'ם קאַנטאָר האָט מען אונז אַוועקגעפיהרט אין „האָבאָ־שטיבעל". דאָס „האָבאָ־שטיבעל" איז אַ טייל פון דער טורמע, וואו קלענערע געזעץ־ברעכער זענען פאַרשפּאַרט צוזאַמען אין אַ גרויסער אייזערנער שטייג. אַזוי ווי האָבאָס שטעלען צוזאַמען די

גרעסטע טייל פון די קלענערע געזעץ־ברעכער, רופט מען אן די שטייג דאס „האבא־שטיבעל“. דא האבען מיר געטראפען עטליכע טרעמפס, וואס מען האט ערשט דעם פריהמארגען געהאט ארעס־טירט. אלע ווײלע פלעגט זיך די טיר א עפען טאן און דורכלאזען צוויי אדער דריי פריש־געכאפטע טרעמפס. ענדליך, ווען מען האט אזוי אויפגעקליבען א שטיק זעכצען, האט מען אונז ארויפגערופען אויבען אין געריכט־זאל. און איצטער וועל איך געטריי באשרייבען, וואס ס׳איז פארגעקומען אין אט דעם געריכט־זאל, און וויסען זאלט איהר, אז מיין פאטריאטיש־אמעריקאנער בירגער געפיהל האט דארט געקראגען אזא קלאפ, פון וועלכען ער האט זיך נאך עד היום ניט אויסגעאָשוכעט.

אין געריכט־זאל זענען געווען די זעכצען ארעסטאנטען, דער ריכטער און צוויי געריכט־דינער. דער ריכטער איז, ווייזט אויס, אויך געווען זיין אייגענער סעקרעטאר. קיין עדות זענען ניט גע־ווען. קיין בירגער פון ניאגארא־פאלס האבען ניט געזעהען ווי אזוי גערעכטיגקייט ווערט אויסגעטיילט אין זייער קהילה. דער ריכטער האט א בליק געטאן אויפ׳ן צעטעל פון די פראצעסען און האט אויסגערופען א נאמען. א טרעמפ האט זיך אויפגעשטעלט. דער ריכטער האט א קוק געטאן אויף א געריכטס־דינער. „שנארעריי, אייער „גנאדען“, האט דער דינער געזאגט. „דרייסיג טעג“, האט זיין „גנאדען“ געענטפערט. דער טרעמפ האט זיך אוועקגעזעצט און דער ריכטער רופט שוין אויס אן אנדער נאמען און א צווייטער טרעמפ שטעהט שוין אויף די פיס.

דער פראצעס פון יענעם טרעמפ האט געדויערט ארום פופצען סעקונדען. דער פראצעס פונ׳ם צווייטען טרעמפ איז אויך אראפ אזוי שנעל ווי דער ערשטער. דער געריכטס־דינער טוהט א זאג: „שנארעריי, אייער גנאדען“, און זיין „גנאדען“ ענטפערט: „דריי־סיג טעג“. אזוי איז דאס געגאנגען ווי אויף פוטער, פופצען סע־קונדען פאר א טרעמפ — און דרייסיג טעג.

דאס זענען דאך שטומע ציינגער, ווי בהמות נעבעך, קלעהר איך פאר זיך. נארווארט ביז מען וועט מיך אויפרופען, איך׳ל

איהם שוין אפשפילען א חתונה. אינמיטען אט דער סצענע איז זיין „גנאדען“ איינגעפאלען געבען עמיצען פון אונז א געלעגענהייט צו רעדען. דאס מזל אונזערס האט אבער אזוי אויסגעטראגען, אז דער מענש איז ניט געווען קיין עכטער טרעמפ. ס'איז אויף איהם קיין סמנים ניט געווען פונ'ם פראפעסיאנעלען עזות־פנים. ווען אזא חברה־מאן קומט צו צו אונז, למשל, בעת מיר ווארטען אויף א פראכט־צוג ביי דער וואסער־ביט, וואלטען מיר אלע איהם זיכער אנגענומען פאר א „פרעהליך קעצעל“. אין האבאלאנד ווערט א יידענער יונגערמאנטשיק באטיטולט מיט'ן נאמען „פרעהליך קעצעל“. אט דאס „פרעהליך קעצעל“ איז שוין דוקא געווען אין די יאהרען — איך מיין אז ער איז אלט געווען ארום פינף־און־פערציג יאהר. זיינע אקסלען זענען אביסעל געווען אויסגעבויגען, זיין פנים פארהארטעוועט.

א סך יאהרען האט ער געטריבען א פאר פערד, לויט ווי ער דערצעהלט, פאר א געוויסער פירמא (אויב איך געדענק דאס ריכטיג) אין לאק־פארט, ניו יארק. דאס רעדעל האט זיך א דרעה געטאן ביי דער פירמא, די ביטערע צייטען פון 1893 זענען אנגעקומען און זי, די פירמא, האט געמוזט אויפגעבען איהרע געשעפטען. איהם האט מען געהאלטען ביז'ן סוף, הגם געארבייט האט ער שוין ניט אזוי רעגולאר. און אזוי האט ער ברייטלאך דערצעהלט ס'ארא שוועריגקייטען ער האט געהאט אפצוזוכען ארבייט (בעת אזוי פיעל מענשען זענען אומגעגאנגען שלינג־און־שלאנג) אין די ערשטע עטליכע חדשים. ענדליך האט ער באשלאסען צו פּרובירען זיין מזל אויף די אזערעס, און האט זיך אוועקגעלאזט קיין באפאלא. פארשטעהט זיך, ער האט ניט קיין גראשען ביי דער נשמה. און דאס איז דאס דער סך־הכל.

„דרייסיג טעג“, האט זיין „גנאדען“ געזאגט און אויסגערופען א נאמען פון אן אנדער טרעמפ.

דער אנגערופענער טרעמפ שטעלט זיך אויף. „שנארעריי, אייער גנאדען“, זאגט דער געריכטס־דיגער, און זיין „גנאדען“ ענטפערט: „דרייסיג טעג“.

און אַזוי איז דאָס ווייטער געגאַנגען, פּופּצען סעקונדען און דרייסיג טעג יעדען טרעמפּ. די גערעכטיגקייטס־מאַשין האָט זיך געדרעהט גלאַטיג. עס איז נאָך געווען זעהר פריה. זיין „גנאַדען" האָט נאָך, ווייזט אויס אין זיין מויל ניט געהאַט. דערפאַר האָט ער זיך טאַקע אַזוי געאיילט.

נאָר מיין אַמעריקאַנער בלוט האָט שוין געזאָטען. הינטער מיר זענען געשטאַנען א סך דורות פון אַמעריקאַנער יחוס. איינע פון די פרייהייטען, פאַר וועלכע מיינע עלטערן האָבען געקעמפּט און געבלוטיגט איז געווען דאָס רעכט גע'משפּט צו ווערען פון גע־שוואוירענע. דאָס איז געווען מיין ירושה, הייליג באַשפּריצט מיט זייער בלוט. און איך בין מחויב געווען זיך איינצושטעלען דערפאַר. גוט, סטראַשע איך זיך אַליין, וואַרט ביז עס קומט צו מיר.

עס קומט צו מיר. מען רופט אויס מיין נאָמען, ווי אַזוי ער איז דאַרטען ניט געווען. איך שטעל זיך אויף. דער דינער זאָגט: „שנאַרעריי, אייער גנאַדען", און איך פאַנג אָן צו רעדען. נאָר דער ריכטער פאַנגט אויך אָן צו רעדען אין דער זעלביגער צייט און זאָגט: „דרייסיג טעג". פאַנג איך אָן צו פּראָטעסטירען, נאָר אין דער סעקונדע רופט שוין דער ריכטער אויס אַ צווייטען נאָמען. זיין „גנאַדען" האָט מפסיק געווען און זיך אַ בייזער געטאָן: „שאַ זאָל זיין!" דער דינער האָט מיך מיט „כבוד" אוועקגעזעצט. אין אַ סעקונדע אַרום קריגט שוין דער צווייטער טרעמפּ זיינע דרייסיג טעג און אַ דריטער האַלט שוין אין קריגען זיין פּסק.

מען האָט אונז אַלעמען גע'פּטר'ט. יעדען עזות־פּנים באַטיילט מיט זיינע דרייסיג טעג. דער ריכטער האַלט אונז שוין ביים אָפּ־שיקען. פּלוצלונג ווענדט ער זיך צום לאַק־פאַרטער בעל־עגלה, צו דעם, וועמען ער האָט געלאָזט רעדען.

„פאַר וואָס האָסטו אויפגעגעבען דיין שטעלע?" פרעגט איהם זיין „גנאַדען".

דער בעל־עגלה האָט שוין געהאַט ערקלערט ווי אַזוי זיין שטע־לע האָט איהם אויפגעגעבען און פון אַט דער פראַגע איז ער אינ־גאַנצען מבולבל געוואָרען.

„אייער גנאָדען", האָט ער אביסעל שעמעוודיג א זאָג געטאָן, „איז דאָס ניט אַ לעכערליכע פראַגע?"

„דרייסיג טעג מעהר פאַר אויפגעבען אַ שטעלע", האָט זיין „גנאָדען" אַ זאָג געטאָן, און די גאַנצע פּראָצעדורע האָט זיך געענ־דיגט. דאָס איז געווען דער פּועל יוצא. דער בעל־עגלה האָט אריינגעכאַפּט זעכציג טעג און מיר אַלע איבעריגע צו דרייסיג טעג.

פיהרט מען אונז צוריק אַראָפּ אונטען, מען פאַרשפּאַרט אונז און מען גיט אונז עפּעס איבערבייסען. דאָס איז געווען אַ גאַנץ גוטער איבערבייסען אין פאַרגלייך מיט דער טורמע־שפּייז, און דאָס איז געווען דער בעסטער איבערבייסען, וואָס איך האָב געקראָגען דעם גאַנצען קומענדען חודש.

איך אָבער בין געווען צוטומעלט. אַט האָט מען מיך פאַר׳־משפּט אין אַ געריכט, וואָס איז פּשוט אַ פאַרס. מען האָט מיך ניט נאָר בארויבט פון מיין רעכט גע׳משפּט צו ווערען פון געשוואוי־רענע, נאָר מען האָט מיך אפילו ניט דערלאָזט צו ערקלעהרען זיך שולדיג אָדער אומשולדיג. נאָך אַ זאַך, פאַר וועלכער מיינע עלטערן האָבען געקעמפּט, האָט דורכגעבליצט אין מיין מח — „האַבעאַס־קאָרפּוס". איך׳ל זיי שוין ווייזען ווער עלטער איז. ווען איך האָב אָבער געפאָדערט אַן אַדוואָקאַט, האָט מען מיך אויסגעלאַכט. „האַבעאַס־קאָרפּוס" איז טאַקע געווען גוט און וואויל, נאָר וואָס איז מיר אַרויסגעקומען, אַז צו קיינעם אויסער דער טורמע האָב איך ניט געקענט צוקומען? נאָר איך׳ל זיי שוין אָנלערנען. זיי קענען דאָך אייביג אין טורמע מיך ניט האַלטען. איך׳ל מיט זיי שוין לערנען בלק. איך וויים אויך עפּעס מכח געזעץ, און מיינע רעכטע וויים איך, און איך וועל שוין זייער גערעכטיגקייטס־מאַשין צונאָגלען צום שאַנד־סלופּ. מיין פאַנטאַזיע האָט זיך צושפּילט. שאַדענערזאַץ משפּטים און סענסאַציאָנעלע צייטונגס־קעפּלאָך האָ־בען אָנגעפאַנגען צו טאַנצען פאַר מיינע אויגען. דערוויייל זענען אריינגעקומען די טורמע־וועכטער און אונז אונטערגעטריבען צו פאַרנעמען זיך אין הויפּט־קאַנטאָר.

אַ וועכטער האָט אויף מיין רעכטען אָרעם אָנגעשלאָסען אַן

אייזערנעם מאַנזשעט. (אך, אך, קלער איך, נאָך אַן ערנידערונג. וואַרט נאָר אוים ביז איך'ל באַפרייט ווערען). צו אַ ניגער אויף דער לינקער האַנט האָט ער אָנגעשלאָסען דעם צווייטען מאַנזשעט פון אַט דער פּאָר. דאָס איז געווען אַ זעהר הויכער ניגער, כמעט אַריבער זעקס פוס — אַזוי הויך איז ער געווען, אַז אַראָפּלאָזענדיג זיין האַנט, האָט ער דאָך אַביסעל אַרויפגעצויגען מיין האַנט מיט'ן קייטעל. דאָס איז אויך געווען דער פרעהליכסטער און אָפּגעריסענסטער ניגער, וואָס איך האָב ווען געזעהען.

די אַרעסטאַנטען האָט מען אַזוי צוזאַמענגעקאָוועט פּאָרלאָרווייז. דערנאָך האָט מען געבראַכט אַ בלישצענדע ניקעל־שטאַלענע קייט, זי דורכגעשלעפּט דורך די רינגעלאָך פון די האַנט־מאַנזשעטען און זי צוגעשלאָסען אויףביידע עקען פון דער דאָפּעלטער שורה אַרעסטאַנטען. איצט, הייסט דאָס, זיינען מיר שוין געווען איין געקאָוועטע חברה. מען האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו מאַרשירען. מיר זענען אַרוים. צוויי וועכטער געהען ביי די זייטען. דעם הויכען ניגער און מיך האָט מען מכבד געווען מיט'ן שעהנסטען פּלאַץ. מיר האָבען געפירט די גאַנצע פּראָצעסיע.

נאָך דער קברים־פינסטערניש פון טורמע האָט אונז די זונשיין אַ שלאָג געטאָן אין די אויגען נאָך העלער ווי שטענדיג. זי איז גאָר קיינמאָל ניט געווען אַזוי זיס ווי איצטער. אַ טורמעניק, מיט די קלינגענדע קייטען אויף די הענט האָב איך געוואוסט, אַז איך זעה די ליכטיגע שיין דעם לעצטען מאָל. די קומענדע דרייסיג טעג וועל איך איינמאָל זי ניט זעהן. אַזוי מאַרשירען מיר דורך די גאַסען פון ניאַגאַרא־פאַלס צו דער באַהן־סטאַנציע. פאַרבייגעהער שטעלען זיך אָפּ אויף אונז קוקען. אַ גרופּע טוריסטען אויף אַ באַלקאָן פון אַ האָטעל פרעסען אונז ממש מיט די אויגען.

די קייט איז געווען גענוג לאַנג, און בעת מיר האָבען זיך פּאָר'אַר־ווייז אַוועקגעזעצט אינ'ם רויכער־וואַגאָן האָט זי אַ היבשע ביסעל געקלונגען און געקלאַפּט. ניט קוקענדיג אויף דער ענטריסטונג איבער דעם גוואַלדיגען פאַרברעכען, וואָס מען איז באַגאַנגען

גענגען מיר און גענגען מיינע אבות־אבותי, ביז איך דאָך געווען גענוג פּראָזאַאיש ניט צו פאַרלירן מיין קאָפּ צוליעב דעם. דאָס איז ביי מיר געוועזן א נייס. דרייסיג סודות־פולע טעג האָבען געוואַרט אויף מיר. איך נישטער דערווייל צווישען דער חברה אַזעלכען, וואָס איז באַקאַנט מיט די גראַטעס. איך האָב זיך שוין געהאַט דערוואוסט. אַז שיקען וועט מען אונז ניט אין קיין איינפאַכער טורמע מיט עפּעס א הונדערט אַרעסטאַנטען, נאָר טאַקע אין א אמת'ן צוכט־הויז מיט א פיער טויזענט אַרעסטאַנטען, וואָס „צענטעווען“ דאָרטען פון צעהן טעג ביז צעהן יאָהר.

אויפ'ן ביינקעל הינטער מיר, צוגעקאָוועט צו דער זעלביגער קייט, איז געזעסען א צונויפגעקאָרטשעטער, פעסט־געבויטער מאַן מיט קרעפטיגע מוסקולן. אויסגעזעהען האָט ער פון איאַהר פינף־און־דרייסיג אָדער פערציג. איך האָב איהם אָפּגעמאָסטען פון קאָפּ ביז די פיס. אין די ווינקלען פון זיינע אויגען האָב איך באַמערקט הומאָר, געלעכטער און גוטמוטיגקייט. אַזוי אָבער האָט ער אויסגעזעהען א מענש־חיה, מיט אַלע תאוות און אויפגעבלאָזענע אכזריות פון דער מענש־חיה. צוגעצויגען צו איהם האָבען מיר נאָר די ווינקלען פון זיינע אויגען — דער הומאָר, געלעכטער און גוטמוטיגקייט פון דער חיה, בעת זי איז רוהיג, ניט אויפגערייצט.

ער וועט מיר צונוץ קומען. איך האָב זיך צו איהם צוגעלאָזט. מיין קייט־חבר, דער הויכער ניגער, איז שיער ניט צוזעצט געוואָרען פון געלעכטער: דאָס האָט ער באַקלאָגט אַזוי זיין וועש, וואָס וועט זיכער פאַרפאַלען ווערען אין דער וועשעריי צוליעב'ן אַרעסט. דער צוג האָט זיך אַזוי געמיטליך געקאַטשעט און צוגעקומען אַלץ נעהענטער קיין באַפאַלאָ. איך שאַר זיך דערווייל צו און פאַרפיהר א געשפּרעך מיט'ן מאַן, וואָס זיצט הינטער מיר. ער האָט געהאַלטען א ליידיגע ליולקע. פיל איך זי איהם אָן מיט מיין טייערען טאַבאַק — איין אַזאַ ליולקע טאַבאַק וואָלט מיר געקלעקט אויף א גאַנצען צעהנדלינג פּאַפּיראָסלאַך. נו, יאָ, וואָס מעהר מיר האָבען געשמועסט אַלץ זיכערער בין איך געווען, אַז ער וועט מיר צונוץ

קומען און איך האָב זיך שוין צוטיילט מיט איהם מיט מיין גאַנצען טאַבאַק.

איך, ווי איהר קוקט מיך אָן, בין אַזאַ סאָרט מענש, וואָס קאָן זיך אַריינפּאַסען אומעטום. און איך האָב זיך געלייגט אין דער לייגג און אין דער ברייט צוצופּאַסען זיך צו אַט דעם מענש׳ען, הגם ס׳האָט זיך מיר אפילו אין חלום ניט געדאַכט ס׳אַרא צוועק איך דערגרייך דאָ דערמיט. ער איז נאָך קיינמאָל ניט געזעסען אין דער טורמע, וואוהין מען האָט אונז געפיהרט. נאָר ער האָט שוין אָבער „אָפּגעצעגטעוועט" אין אַנדערע צוכט־הייזער, וואו אַ יאָהר און וואו צוויי, און וואו טאָקע גאַנצע פינף. די תורה און חכמה פון די טורמעס האָט ער געקענט כמעט אויסווייניג. מיר זענען דערוויי׳ל געוואָרען גאַנצע חברים, און מיין האַרץ האָט זיך אין מיר צוטאַנצט, ווען ער האָט מיך איינגעלאַדען נאָכצופאָלגען זיין פיהרערשאַפט. ער האָט מיך גערופען דזשעק און איך איהם האָב אויך גערופען דזשעק.

דער באַהן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ סטאַנציע אַ מייל פינף הינטער באַפאַלאָ און מיר, די קייט־באַנדע זענען אַרונטערגעגאַנגען. איך געדיינק שוין ניט ווי אַזוי אַט די סטאַנציע האָט געהייסען, אָבער איך גלויב, אַז איינעם פון אַט די נעמען האָט זי זיכער געד האָט: ראָקלין, ראָקוואוד, בלעק ראָק, ראָקקעסעל, אָדער ניו־קעסעל. נאָר, מילא, ווי די סטאַנציע האָט דאָרטען ניט געהייסען, אונז האָט מען אָפּגעפיהרט אַ קורץ שטיקעל וועג ביז דעם עלעקטרישען טראַמ־וואַי. דאָס איז געווען אַן אַלט־מאָדישער וואַגאָן מיט צוויי לאַנגע בענק אויף ביידע זייטען. אַלע פּאַסאַזשירען, וואָס זענען געזעסען אויף איין זייט, האָט מען גאַנץ פיין געבעטען מוחל זיין און אַרי־בערגעהן אויף דער צווייטער זייט, און מיר האָבען מיט אַ קלינגעריי און קלאַפּעריי זיך אויסגעזעצט אויף זייערע ערטער. מיר האָבען זיך אַנידערגעזעצט פונקט געגענאיבער זיי, געדיינק איך, און איך געדיינק אויך, ס׳אַרא מורא עס האָט זיך אָנגערוקט אויף די פּנים׳ער פון די פרויען, וועלכע האָבען אונז, אָהן ספק, אָנגענומען פאַר אָפּ־גע׳משפט׳ע מערדער און באַנק־רויבער. איך האָב אָנגענומען די

גרויזאמסטע מינע, נאר מיין קייט־חבר, דער זעהר פרעהליכער ניגער, האט געהאלטען אין איין איבערקערען די אויגען, לאכען און אלע ווײלע איבער'חזר'ן: „אי, טאטע־פאטער! אי, טאטע־פאטער!"

מיר זענען אראפ פונ'ם טראמוואי, געגאנגען נאכאמאל אביסעל צופוס און אנגעקומען צום קאנטאר פון דעם אוריער צוכט־הויז. דא האט מען ווידער פארצייכענט אונזערע נעמען. אויף דעם דאר־טיגען רייסטער וועט מען אויך געפינען איינעם פון מיינע נעמען. מען האט אונז אויך מודיע געווען, אז מיר מוזען איבערלאזען אין קאנטאר אלע ווערטהפולע זאכען: געלט, טאבאק, שוועבלאך, מע־סערלאך, א. ז. וו.

מיין נייער חבר האט צו מיר א דרעה געטאן מיט'ן קאפ.

„אויב איהר לאזט אייערע זאכען ניט איבער אט ־דא, וועט מען זיי ביי אייך קאנפיסקירען אינוויינינג", האט אונז דער וועכטער געווארענט.

מיין חבר האט אבער אלץ גערדעהט מיט'ן קאפ. ער האט גע־רודעוועט מיט הענט, און זיינע באוועגונגען פארשטעלט הינטער די איבריגע חברה. (די קייטלאך האט מען ביי אונז אראפגענומען פון די הענט). איך רייס שוין פון איהם ניט אפ מיינע אויגען. טוה, וואס ער טוהט און וויקעל איין אין א טיכעלע אלע זאכען, וואס איך וויל מיט זיך מיט נעמען. אט די פעקעלאך ווארפען מיר ביידע אריין אין די בוזימס. באמערקט האב איך אז אונזער חברה־ארעסטאנטען, אויסער איינעם אדער צוויי, וועלכע האבען געהאט זייגערלאך, האבען זייערע זאכען ניט איבערגעלאזט אין קאנטאר. זיי האבען באשלאסען ווי ס'איז ניט איז זיי דורכשמוגלען, האבען זיך פארלאזט אויף גליק; נאר זיי זענען ניט געווען ערפאהרען ווי מיין חבר און זייערע זאכען האבען זיי ניט צוזאמענגעבונדען אין פעקלאך.

אונזערע פריהערדיגע שומרים און באגלייטער האבען צוזא־מענגענומען די מאנזשעטען־קייטלאך און די לאנגע קייט און זענען צוריק אוועק אין ניאגארא־פאלס. אונז האבען נייע וועכטער אריינגעפיהרט אין טורמע. שוין אין קאנטאר האט זיך אונזער צאל

פארגרעסערט, אלע מאל האט מען צוגעפיהרט נייע פארטיעס ארעס־טאנטען, און אונזער איצטיגע פראצעסיע איז שוין באשטאנען פון א מאן פערציג אדער פופציג.

און וויסען זאלט איהר, איהר פרייע מענשען, אז דער פאר־קעהר אין א גרויסער טורמע איז אזוי באשרענקט ווי, למשל, קא־מערציע איז געווען אין מיטעל־אלטער. כאפט מען זיך שוין אריין אין א צוכט־הויז, קען מען זיך שוין ניט א ריהר טאן לויט'ן אייגענעם רצון. עטליכע טריט — שוין א טיר א גרויסע אדער א טויער אן אייזערנער, און אלעס איז שטענדיג פאריגעלט און פארשלאסען. געפיהרט האט מען אונז צום פריזירער, נאר אלע ווייליע האבען מיר געהאט איבערגעשלאגען, געמוזט צוואווארטען ביז מען וועט אויפ־שליסען פאר אונז די טירען. אט אזוי האבען מיר געהאט אן אפ־האלט אין דעם ערשטען „פארהויז". א פארהויז איז ניט קיין קארידאר. שטעלט אייך פאר א לענגליכען קוב, אויסגעבויט פון ציגעל און זעקס עטאזש די הויך, יעדער עטאזש א רייהע צעלען — מיט איין ווארט, שטעלט אייך פאר א קוב פון קאלאסאלע הא־ניגקעמערלאך. אט דעם קוב שטעלט אוועק אויף דער ערד, שליסט איהם איין אין א געביידע, מיט א דאך פון אויבען און מיט ווענט ארום־און־ארום. אט אזא קוב און די ארומרינגלענדע געביידע שטעלען מיט זיך פאר א „פאר־הויז" אין דעם איריער צוכט־הויז. כדי צו פארפאלקאמען דאס בילד, שטעלט זיך פאר א שמאלע גאלעריע מיט שטאלענע באלקאנען, וואס ציהען זיך איבער דער גאנצער לענג פון די רייהען צעלען און ביים ווינקעל פון אט דעם לענגליכען קוב, שטעלט זיך פאר, אז די אלע גאלעריעס שליסען זיך צוזאמען פון ביידע זייטען און פאראייניגען זיך דורך א סיסטעם פון לייטערלאך און שמאלע טרעפלאך, כדי צו ראטעווען זיך אין פאל פון א פייער.

שטעלען מיר זיך אפ אין דעם ערשטען פארהויז און ווארטען ביז דער וועכטער וועט אויפשליסען די טיר. דא און דארט שארען זיך פארביי היימישע ארעסטאנטען מיט צום קאפ געשוירענע האר, געגאלטע פנים'ער און מיט געשטרייפטע טורמע־מלבושים. איין

ארעסטאנט אזא האב איך באמערקט איבער אונז, אויף דער גאַלע־ריע פונ׳ם דריטען עטאזש. ער איז געשטאנען איינגעבויגען אבי־סעל פאראויס, די הענט אויף די פארענטשעס פונ׳ם באלקאן, כלומר׳שט פארטראַגען, גאר פארגעסען, כלומר׳שט, צי שטעהען מיר גאר דא, געגלאצט די אויגען גלאט אזוי אין דער וועלט אריין. מיין חבר האט א צישע געטאן. דער ארעסטאנט האט ארונטערגעקוקט. זיי האבען זיך דורכגעשמועסט דורך א פאר סיגנאלען. אין א מינוט ארום האט מיין חבר׳ס פעקעלע דורכגעשניטען די לופט. דער ארעסטאנט האט דאס אונטערגעכאפט, און ווי א בליץ איז דאס פארשוואונדען אין זיין בוזים, און ער איז שוין ווידער געשטאנען ווי ניט איהם מיינט מען דא. מיין חבר האט מיר א זאג געטאן איהם נאכצוטאן. ווארט איך אויף א געלעגענהייט ביז דער וועכ־טער וועט זיך א ביסעל אפדרעהען אין א זייט און מיין פעקעל פליהט אויך נאך צום ארעסטאנט אין בוזים.

אין א מינוט ארום האט מען אויפגעשלאסען די טיר און מיר זענען אריין צום ראזירער. דא זענען שוין געווען עטליכע מענשען אין די געשטרייפטע טורמע־מלבושים. דאס זיינען געווען די טורמע־פריזירער. עס זענען דא אויך געווען באר־ביטלאך, הייסע וואסער, זייף און וואש־בערשטלאך. מען האט אונז א קאמאנדעווע געטאן זיך אויסצוטאן און אפבאדען, דערביי האט יעדער פון אונז געמוזט ארומוואשען דעם חבר׳ס פלייצעס. אט די געצוואונגענע באד איז סיי ווי געווען אן ארויסגעווארפענע ארבייט: די טורמע איז סיי ווי פול געווען מיט אומפלייט. נאך דער באד האט מען יעדען פון אונז געגעבען א לייוועגטען זעקעל פאר די מלבושים.

„לעגט אריין אין די זעקלאך אלע אייערע מלבושים“, האט דער וועכטער געזאגט. „עס וועט זיך אייך סיי ווי ניט איינגעבען עפעס ארייגצושמוגלען. איהר מוזט זיך אלע אויסשטעלען נאקעטערהייט צו דער אונטערזוכונג. אלע, וואס האבען געקראגען דרייסיג טעג אדער ווייניגער, דארפען מיטנעמען מיט זיך די שיך און די שלייי־קעס, די, וואס האבען געקראגען מעהר ווי דרייסיג טעג, טארען מיט זיך גאר ניט מיטנעמען“.

אַז די ידיעה האָט אונז אַלעמען איבעראַשט. ווי קען אַ מענש עפּעס אַריינשמוגלען, ווען ער גייט דורך אַ אינספּעקציע נאַקעטערהייד? נאָר איך מיט מיין חבר זיינען געווען זיכער. און איצט האָבען די פּריזירער זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבייט. זיי האָבען זיך אַריינגעדרעהט צווישען אונזער עולם און מעשה גוט־ברידערשאַפט זיך אונטערגענומען אַפּצוהיטען אונזערע מטלטלין, און צוגעזאָגט זיי אומקעהרען אין אַ טאָג אַרום. אַז די פּריזירער וואָלט איהר געדאַרפט געווען הערען רעדען — אמת'ע פילאַנטראָ־פּען זיינען דאָס געווען. און, אַזוי ווי בעת אהרן הכהן האָט גע־מאַכט דעם עגל הזהב און די ווייבער האָבען אַלעס געבראַכט צו איהם גיך און געשווינד, אַזוי האָט אונזער עולם שנעל אַוועקגע־געבען אַלעס צו די פּריזירער: שוועבלאַך, טאַבאַק, רייז־פּאַפּיר, ליולקעס, מעסערלאַך, געלט, אַלצדינג איז געפלאָסען אין די ברייטע בוזימס פון די פּריזירער. זיי זענען אַ היבשע ביסעל אויפגעשוואָ־לען געוואָרען פון אַז די אַלע זאַכען, און די וועכטער האָבען זיך געמאַכט ווי זיי זעהען דאָס ניט. הקיצור, צוריק האָט מען אפילו די מינדסטע זאַך ניט אָפּגעגעבען. די פּריזירער האָבען לכתחילה ניט אין זינען געהאַט עפּעס אומצוקערען. זיי האָבען דאָס באַטראַכט ווי זייער געזעצליך אייגענטום. דאָס איז געווען דאָס פּריזיר „פּאַרדינסטעל". אין דער טורמע זענען געווען אויך אַ היבשע בי־סעל אַנדערע „פּאַרדינסטלאַך", ווי איך האָב זיך דאָס שפּעטער דערוואוסט; און מיר איז אויך באַשערט געווען צו ווערען אַ „פּאַר־דינער" — אַ דאַנק מיין נייעם חבר.

שטוהלען זענען דאָרטען געווען עטליכע, און די פּריזירער האָ־בען געאַרבייט פלינק. איך האָב קיינמאָל ניט געזעהען אַזאַ שנעל גאָלען אָדער שערען. חברה האָבען זיך אַליין אַנגעזייפט, און די פּריזירער האָבען זיי אַרומגעגאָלען — אַ מינוט אַ שטיק. אפשע־רען האָט געדויערט אַביסעלע מעהר. אין דריי מינוט אַרום איז שוין אויף מיין פּנים קיין סמן ניט געבליבען פון'ם אַכצען־יאָהרי־גען פוך און מיין קאָפּ איז געווען גלאַט ווי אַ ביליאַרד־באַל. בערד און וואָנצעס האָט מען אונז אַראָפּגענומען אַקוראַט ווי אונזערע

בגדים. אויף נאמנות, מיר האבען אויסגעזעהען א רעכט ביסעל פארדארבען, בעת זיי זענען מיט אונז פארטיג געווארען. איך האב נאך פריהער ניט באמערקט אזוי, ווי שלעכט מיר זעהען באמת אויס.

נאכדעם האבען מיר זיך אלע געמוזט אויסשטעלען אין רייהען, נאקעט ווי קיפלינגס העלדען, וועלכע האבען געשטורעמט לונגטונג־פען. אונז צו באזוכען איז געווען גרינג א מחיה. אונז אליין און אונ־זערע שיך — מעהר ניט. ביי צוויי אדער דריי אומרוהיגע גייס־טער, וואס האבען געצווייפעלט אין דער ארענטליכקייט פון די פריזירער, האט מען געפאקט די סחורה. אט די סחורה: טאבאק, ליולקעס, שוועבעלאך און א ביסעל מינץ האט מען, געוועהנליך, תיכף ומיד קאנפיסקירט. נאך אט דער פראצעדורע, האט מען אונז אריינגעבראכט אונזערע נייע בגדים — לאנגע טורמע העמדער, רעקלאך און הויזען אנזיכטיג געשטרייפטע. מיר האט זיך שטענ־דיג געדאכט, אז די ארעסטאנטען־שטרייפען באצירען נאר מענשען, וואס באגעהן א גרוים פארברעכען. איצטער איז אט דער איינדרוק פארשוואונדען, איך האב זיך אנגעטאן אין דער עמבלעם פון שאנד און צום ערשטען מאל פארזוכט דעם טעם פון מארשירען דעם שלאם־טריט.

אין א איינצעל־שורה, די הענט פון יעדען אויף די אקסעל פון זיין פעדערשטען חבר, האבען מיר אריינמארשירט אין אן אנ־דער גרויסען פארהויז. דא האט מען אונז אויסגעשטעלט נעבען א וואנט און באפוילען אונז אויסטאן די ארבעל פון די לינקע הענט. א בחור'ל, וואס שטודירט מעדיצין און, וואס פראקטיצירט אויף אזעלכע בהמות ווי מיר זענען, איז צו אונז צוגעקומען. ער האט אונז געשטעלט פאקען צעהן מאל אזוי פלינק, ווי די פריזירער האבען אונז געגאלט. ענדליך האט מען אונז אפגעפיהרט אין אונ־זערע צעלען, נאך א שטרענגער התראה, אז מיר זאלען ניט אפווי־שען אונזערע הענט און לאזען דעם בלוט פארטריקענען. דא האב איך זיך צושיידט מיט מיין חבר. ער האט אבער מיר פריהער א שושקע געטאן: „זויג דאס אויס“.

באַלד ווי מען האָט מיך פאַרשלאָסען, האָב איך אויסגעזוויגען מיין האַנט כדבאי. שפּעטער האָב איך געזעהען מענשען, וואָס האָבען זייערע פּאַקען ניט אויסגעזוויגען. נו, האָבען זיי טאַקע געהאַט אַזעלכע שרעקליכע לעכער אין זייערע הענט, אַז איך האָב דאָרט געקענט באַהאַלטען אַ גאַנצען פויסט. דאָס איז געווען זייער אייגענע שולד. זיי האָבען די פּאַקען ביך געהאַט אויסזוויגען.

אין מיין צעל איז געווען נאָך אַ מאַן. ער האָט דאָס געזאָלט זיין מיין צעל־חבר. דאָס איז געווען אַ יונגער קרעפטיגער בחור, ניט קיין באַריידעוודינער, נאָר זעהר אַ פעהיגער, באמת טאַקע אַ גאַנץ פעהיגער, הגם, ער האָט נאָר־וואָס געהאַט געענדיגט צוויי יאָהר צענטעוועז אין עפּעס אַ צוכט הויז ערגעץ אין אָהייאָ.

ס'איז נאָך קיין האַלבע שעה ניט אַוועק זינט מען האָט אונז פאַרשפּאַרט אין אונזער צעל — שלייכט זיך פאַרביי דורך דער גאַלעריע עפּעס אַן אַרעסטאַנט און קוקט אַריין צו אונז. דאָס איז געווען מיין חבר. ער האָט געקראָגען די פאַרהויז־פרייהייט זאָגט ער. זעקס אַזיינער אין דער פריה לאָזט מען איהם אַרויס און מען פאַרשליסט איהם ערשט ניין אַזייגער אויף דער נאַכט. ער האָט געהאַט עפּעס אַ צד אין דער פאַרהויז און מען האָט איהם גלייך מכבד געווען מיט אַט דער שטעלע. איצט איז ער, הייסט דאָס, אַ מין עלטסטער. דער, וואָס האָט איהם דערהויבען צו אַט דער שטעלע איז אַליין אויך אַן אַרעסטאַנט, נאָר ער איז באַוואוסט אַלס „הויפּט קאָרידאָר וועכטער". אַרום־און־אַרום זיינען געווען אַ 13 קאָרידאָר וועכטער אַזעלכע אין דעם פאַרהויז. יעדער איינער פון די ערשטע צעהן האָט געהאַט צו זאָגען אויף אַ גאַנצער גאַלעריע פון צעלען, און איבער זיי זיינען געווען די איבריגע דריי.

מיין חבר האָט מיר דערצעהלט ,אַז מיר, נאָר וואָס געקומענע, וועלען דעם גאַנצען טאָג מוזען פאַרברייגגען אין אונזערע צעלען בכדי די פּאַקען אונזערע זאָלען זיך קענען אננעהמען. אויפ'ן צווייטען טאָג אָבער וועט מען אונז מכבד זיין מיט שווערער אַרבייט אויפ'ן טיורמע־הויף.

„נאָר איכ'ל דיך צונעמען פון אַט דער אַרבייט אַזוי שנעל

ווי איך וועל קענען", האָט ער מיר צוגעזאָגט. „איכ'ל שוין איי־נעם פון די קאָרידאָר וועכטער אַרונטערזעצן פון זיין גדולה און דיך צונעמען אויף זיין פּלאַץ".

ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט צו זיך אין בוזים, אַרויס־גענומען פון דאָרט דאָס טיכעלע מיט מיינע זאַכען, דאָס צו מיר דורכגעשפּאַרט דורך די גראַטעס און האָט זיך אָוועקגעשאַרט ווייי־טער איבער דער גאַלעריע.

איך עפן אויף דאָס פּעקעלע. עס איז דאָרטען דאָ יעדער זאַך. עס פעלט ניט אַפילו אַ שוועבעלע. איך קאַטשע צונויף אַ פּאַפּיראָסעל און צוטייל זיך דערמיט מיט מיין צעל־חבר. איך וויל אַנרייבען אַ שוועבעלע צו פאַררויכערען. האַלט ער מיך אָפּ. אַ שיטערע, שמוציגע קאָלדרע איז געלעגען אויף יעדער פון אונ־זערע נאַרעס. רייסט ער אָפּ אַ דין פּאַסיקעל און קאַטשעט דאָס אַזוי צונויף אין אַ דינינקער לאַנגער רערעלע. ער צינט דאָס אָן מיט'ן אָנגעריבענעם טייערען שוועבעלע. דאָס רערעל כאַפּט זיך אָן און סמאָלעט זיך אַזוי פּאַמעלאַך אָהן אַ פלאַם. עס קען זיך אַזוי רויכערן אַ פּאָר שעה. אויף טורמע לשון רופט מען דאָס קנויט. ווען עס האַלט שוין ביים סוף, מאַכט מען נאָך אַזאַ רערעלע, מען לעגט אַרויף איין עק אויפ'ן ברענענדען קנויט און מען בלאָזט אַריבער דאָס פייער אויפ'ן נייעם רערעלע. וואָס ווייסט איהר, מיר וואָלטען אַפילו פּראָמעטעאוס'ן געקענט אָנווייזען אויף נייע תחבולות ווי אַזוי אָנצוהאַלטען שטענדיג דאָס פייער.

צוועלף אַ זייגער האָט מען אונז סערווירט מיטאָג. אונטען, ביים ברעג פון אונזער שטייג־טיר, איז געווען אַ קליינע עפענונג, ווי איז אַ הינער־הויף, דורך וועלכען די הינער געהען אַרויס. דורך אָט דער עפענונג האָט מען צו אונז אַריינגעוואָרפען צוויי טרוקענע שטיקער ברויט און צוויי קליינע טעפּעלאַך „זופּ". אַ פּאַרציע זופּ איז באַשטאַנען פון אַ קוואָרט הייסע וואַסער מיט איין פּעטע אויג, וואָס איז, נעבער, איינזאַם אַרומגעשוואומען. נאָר לאָם איך ניט פאַרלייקענען — עס איז געווען אַביסעל זאַלץ אויך אין אָט דער וואַסער.

טרינקען מיר אויס דעם זופּ, אָבער צום ברויט האָבען מיר זיך אפילו ניט צוגערירט. ניט חלילה ווייל מיר זיינען ניט געווען הונגעריג, אָדער ווייל מען האָט דעם ברויט ניט געקענט עסען. ניין, עס איז געווען גאַנץ גוטער ברויט. נאָר מיר האָבען דערביי געהאַט אַ מיין. מיין חבר האָט געהאַט ענטדעקט, אַז עס שווי־בעלט און גריבעלט מיט וואַנצען ביי אונז אין צעל. וואו ערגעץ אַ לעכעלע אָדער אַ שפּעלטיקעל, צווישען די ציגעל. וואו די וואַפּנע איז געהאַט אַרויסגעפאַלען, האָבען געבליט גאַנצע קאָלאָניעס וואַנ־צען. די חברה־לייט פלעגען אַפילו אין מיטען העלען טאָג ניט מורא האָבען און זיך אַרומשלייען מחנות־ווייז איבער די ווענט און דער סטעלי. מיין צעל־חבר איז זעהר געווען געניט אין אַלע דרכים פון אַט די חיה'לאַך. ווי טשיילד האַראָלד האָט ער אַהן פּחד באַ־ריהרט דעם מלחמה־טראָמפּייט מיט די ליפּען. אַזאַ מלחמה האָט נאָך די וועלט ניט געזעהען. שעה'ן און שעה'ן האָט זי זיך געצויגען. דאָס איז געווען אַ שלאַכט־הויז. און ווען די „יתר־הפּליטה" זיינען אַוועק און זיך באַהאַלטען אין זייערע גע־מויערטע פעסטונגען, איז ערשט געהאַט געווען אָפּגעטאָן האַלב אַרבייט. מיר פלעגען אָנפּאַקען אַ פולע מויל מיט ברויט און דאָס גוט צוקייען ביז ס'איז געוואָרען ווייך ווי טייג. ווען אַ חברה־מאַן איז אַנטלאָפען פון'ם שלאַכט־פעלד און איז אַריין אין אַ שפּעלטיקעל צווישען די ציגעל, האָבען מיר דאָס שפּעלטיקעל גלייך פאַרמויערט מיט'ן טייג. אַזוי האָבען מיר געאַרבייט ביז די זון האָט זיך געזעצט און מיר האָבען פאַרקלעפּט יעדער לעכעלע, שפּעל־טיקעל אָדער גריבעלע. אַ שוידער געהט מיר דורך איבער'ן לייב, ווען עס קומען מיר אויפ'ן זינען די אַלע טראַגעדיעס פון הונגער און קאַניבאַליזם, וואָס האָבען זיך אָפּגעשפּילט אין אַט די פאַר־מויערטע פעסטונגען.

וואַרפען מיר זיך אויף אונזערע נאַרעס אַזוי מיעד און הונ־געריג, און וואַרטען אויף וועטשערע. דאָס איז געווען אַ גוטער טאָג אַרבייט, און געטאָן געוואָרען באַלעבאַטיש. וועלען מיר כאָטש אין די ווייטערדיגע עטליכע וואָכען ניט דאַרפען אַזוי ליידען פון

דעם אומפלויט. מיר האבען טאקע מפקיר געווען אונזער מיטאג, אבער דערפאר האבען מיר מציל געווען אונזערע לייבער. און מיר זיינען דערמיט געווען צופרידען. נאר מענשליכע פראצע געהט שטענדיג אין גיוועץ! ווי נאר מיר האבען געענדיגט אונזער ארבייט, געהט צו א וועכטער און שליסט אויף אונזער טיר. מען טיילט פאנאנדער די ארעסטאנטען אויפ'ם ניי און מיר מוזען זיך איבערקלייבען אין אן אנדער צעל. מען האט אונז איבערגעפירט און פארשלאסען אין א צעל צוויי גאלעריעס העכער.

גאנץ פריה אויפ'ן צווייטען טאג, האט מען אויפגעשלאסען אונזערע צעלען, און עטליכע הונדערט ארעסטאנטען אראפגעפירט אין פארהויז, אונז אויסגעשטעלט לויט'ן שלאס־טריט און אריינגעטריבען אינ'ם טורמע־הויף צו דער ארבייט. דער קאנאל איריע ציהט זיך גראד פארביי דעם הויף הינטער דער טורמע. מיר האבען געמוזט אויסלאדען די קאנאל־שיפען, טראגען אין טורמע אריין גרויסע שטאבעס אייזען אויף אונזערע פלייצעס. ביי דער ארבייט האב איך אלעס דורכגעקוקט, באטראכט, טאמער איז אפשר דא א געלעגענהייט צו אנטלויפען. נאר, א נעכטיגער טאג, אפילו די מינדסטע געלעגענהייט ניטא. אויף די ווענט שפאצירען ארום וועכטער מיט ביקסען, וואס לאדען זיך אויטאמאטיש אן. און מען האט מיר געזאגט, אז אויפ'ן וואך־טורם, זיינען אויסגעשטעלט מאשין־ביקסען.

צום הארצען האב איך זיך ניט גענומען. דרייסיג טעג איז ניט קיין לאנגע צייט. איכ'ל דא בעסער אפזיצען אט די דרייסיג טעג און צוקריגען נאך ערפארונג, מאטעריאל, וואס איך וועל דארפען אויסנוצען אויף דער פרייהייט געגען די רויבער פון געזעצמיגקייט. איך וועל שוין ווייזען, וואס אז אמעריקאנער בחור'ל קען טאן, בעת מען בארויבט איהם זיינע רעכט און פריווילעגיעס. אזוי ווי מען האט מיך בארויבט. מען האט מיך בארויבט דאס רעכט געמשפ'ט צו ווערען דורך געשווארענע, מען האט מיך ניט דערלאזט זיך צו ערקלערען שולדיג אדער אומשולדיג; מען האט מיך בכלל ניט גע'משפט (איך האב באין אופן ניט געקוקט אויפ'ן

פסק, וואס איך האב באקומען אין ניאגארא פאלס, ווי אויף א רעזולטאט פון א משפט) ; זיך דורכצושרייבען מיט אן אדוואקאט האט מען מיר ניט געלאזט, און בכלל האט מען מיך ניט געלאזט זיך דורכשרייבען מיט קיינעם, און אזוי ארום האט מען מיך בארויבט פון מיין רעכט אויף האבעאס קארפוס ; מען האט מיך אפגעגאלען און אפגעשוירען צום קאפ, מיין קערפער פארדעקט מיט געשטרייפ־טע בגדים ; מען האט מיך געצוואונגען צו הארעווען מיט'ן בלוטיגען שוויים און געשפייזט האט מען מיך מיט ברויט און וואסער. מיך געצוואונגען צו מארשירען אין דעם שענדליכען „שלאס־טראט אונ־טער דער קאמאנדע פון באוואפענטע וועכטער — און פאר וואס איז דאס מיר געקומען ? וואס האב איך געטאן ? וואס פאר א פארברעכען בין איך באגאנגען נעגען די גוטע בירגער פון ניאגארא פאלס, וואס מען איז זיך אזוי נוקם אן מיר ? איך האב אפילו ניט עובר געווען אויף זייער „לאו" פון „דרויסען־שלאפען". איך בין יענע נאכט געשלאפען אויסער זייער יוריסדיקציע. איך האב ביי קיינעם קיין עסען ניט געבעטען, צו קיינעם ניט צוגעשטאנען אין גאס נאך געלט. איך האב מעהר ניט ווי שפאצירט אויף זייער טראטואר, געקוקט אויף זייער וואונדער־שעהנעם וואסער־פאל. וואס פאר א חטא ליגט דא אין דעם ? טעכניש בין איך ניט באַ־גאנגען קיין פארברעכען. נו, גוט, איך וועל זיי שוין ווייזען ווען איך וועל ארויס פון דער טורמע.

אויף צווייטען טאג האב איך א שמועס געטאן מיט א וועכ־טער. איך האב געוואלט שיקען נאך אן אדוואקאט. לאכט ער פון מיר. אנדערע וועכטער האבען אויך פון מיר געלאכט. איך בין אבסאלוט געווען אפגעשניטען פון דער גאנצער וועלט. איך האב פרובירט אנצושרייבען א בריף, האב איך זיך אבער דער־וואוסט, אז מען צענזורירט אלע בריף אדער מען קאנפיסקירט זיי, און אז בכלל, טארען קיין פרישע ארעסטאנטען זיך ניט דורכ־שרייבען. שפעטער צו, האב איך פרובירט ארויסצושיקען בריף מיט ארעסטאנטען, וואס זיינען אפגעזעסען זייערע טערמינען, נאר איך האב זיך דערוואוסט, אז מען האט זיי אפריער באזוכט, געפֿר־

נען די בריף און זיי פארניכטעט. מילא, נו, יעדער פיצעלע וועט נידעריקער אראפדריקען די וואגשאל ביי זייער משפט ווען איך וועל באפרייט ווערען.

דערווייל איז אוועק א טאג און נאך א טאג (ווי אזוי—וועל איך דאס באשרייבען אין דעם צווייטען קאפיטעל), און איך האב ער־פארען זעהר פיעל. איך האב זיך אנגעהערט מיט אומגלויב־ליכע און שוידערליכע מעשיות וועגען דער פאליציי, פאליציי־נע־ריכטען, און אדוואקאטען. ארעסטאנטען האבען מיר דערצעהלט וועגען זייערע אייגענע ערפארונגען מיט דער פאליציי פון די גרוי־סע שטעט, פון וועלכע עס האט מיך ארומגעכאפט א שרעק. און נאך שרעקליכער זיינען געווען די געשיכטעס, וואס זיי האבען מיר דערצעלט וועגען מענשען, וועלכע זיינען שוין קיין לעבעדיגע ניט ארוים פון די פאליצייאישע הענט, כדי זיי זאלען פאר זיך אליין ניט קענען רעדען אפילו א ווארט. מיט יאהרען שפעטער איז מיר באשערט געווען צו לייענען אין דעם באריכט פון דעם לעקסאו קאמיטעט אמת'ע און נאך פיל שרעקליכערע מעשיות. אבער דער־ווייל האב איך דאך געשפאסט וועגען אלע געשיכטען און זיי ניט נעגלויבט.

וואס ווייטער א טאג אין טורמע איז מיין איבערצייגונג אלץ שטארקער געווארען. מיט מיינע אויגענע אויגען האב איך טאקע אין אט דער טורמע געזעהען זאכען, פון וועלכע די האר שטעלען זיך קאפויר. וואס מעהר איך בין געווארען איבערצייגט אין אט די מעשיות אלץ טיפער איז געווארען מיין רעספעקט פאר אט די יאגד־הינט פון געזעץ און פאר דער גאנצער אינסטיטוציע פון קריי־מינעלער גערעכטיגקייט.

מיין ענטריסטונג איז אפגעפאלען, און אין מיין נשמה האט זיך באזעצט א ווילדער פחד. ענדליך, האב איך קלאר געזעהען, וואס איך האב צו טאן. איך בין געווארען געלאסען און מילד. מיט יעדען טאג איז מיין באשלוס געווארען אלץ פעסטער ניט צו מאכען קיין רעש, ווען איכ'ל באפרייט ווערען. וואס איך האב

איצטער שוין געוואלט איז — א געלעגענהייט זיך ארויסכאפּען ערגעץ פון אָט דער געגענד. דאָס האָב איך טאַקע געטאָן, ווי נאָר מען האָט מיר באַפרייט. מיין צונג האָב איך געהאַלטען צווישען די ציין, שפּאַצירט ווייד, און זיך אַפּגעטראָגען קיין פּענסילווייניא און דאָרט נעלם געוואָרען פיל קלוגער און געלאַסענער.



# „די קאזע“

צוויי טעג האב איך געהארעוועט אויפ'ן טיורמע־הויף. די ארבייט איז געווען זעהר שווער, און, ניט קוקענדיג דארויף, וואס איך האב זיך אונטערגעפוילט ביי יעדער געלעגענהייט, בין איך דאך ארויס פון די כחות. שולדיג אין דעם איז געווען די שפייז. ביי אזעלכע קעסט קען קיינער שווער ניט ארבייטען. מעהר פון ברויט און וואסער האט מען אונז ניט געגעבען. איין מאל אין וואך האט מען אונז נעדארפט געבען פלייש; נאר, ראשית, האבען מיר עס קיינמאל אין די אויגען ניט געזעהן, צווייטענס, פלעגט מען דערפון פריהער אויסקאכען יעדער ביסעל נאהרונג און אויב עמיצער האט איין מאל אין וואך יא פארזוכט א ברעקעל פלייש, האט ער שוין דערפון פעט ווערען ניט געקענט.

אט די ברויט־און־וואסער סיסטעם האט געהאט א גוואלדיגען חסרון. וואסער פלעגען מיר דוקא קריגען גענוג, ברויט אבער — זעהר ווייניג. א פארציע ברויט איז געווען אזוי גרויס ווי צוויי פויסטען און יעדען טאג פלעגען מיר קריגען דריי אזעלכע פארציעס. איין מעלה האט די וואסער יא געהאט — זי איז געווען היים. אין דער פריה האט זי געהייסען "קאפע", צו מיטאג האט מען זי גע־קרוינט מיט'ן נאמען „זופ“, אין אווענט פלעגט מען זי סערווירען אלס טעה. אין דער אמת'ן איז דאס שטענדיג געווען אונזער אלט־באקאנטע וואסער. די ארעכטאנטען פלעגען זי רופען די „צוויבער־וואסער“. גאנץ פריה איז אט די וואסער געווען שווארץ, מחמת דעם, וואס מען פלעגט זי אויפקאכען מיט צוגעברענטע שטיקלאך ברויט. מיטאג־צייט פלעגט מען זי דערלאנגען שוין אהן א קאליר, נאר מיט א ביסעל זאלץ און מיט איין פעטער אויג. אין אבענט

פלעגט די וואסער באקומען עפעס א מין פורפור־ברוינעם קאליר. דעם סוף פון אט דעם קאליר זיינען מיר קיינמאל ניט דערגאנגען. ס'איז געווען פארדאמט־געמיינע טעה, נאר מחיה'דיג הייסע וואסער.

מיר האבען א רעכט ביסעל געהונגערט אין אט דער „קאזע" פון 'איריע. נאר די אלטע ארעסטאנטען האבען זיך דארטען אנגעגעסען צו זאט. זיי וואלטען שוין לאנג געווען אויסגעשטארבען ווען זיי זיצען אויף די קעסט, וואס מיר. איך ווייס, אז די אלטע ארעסטאנטען פלעגען קריגען מעהר תוכ'יגע שפייז, ווייל איך אליין פלעג ביי זיי אפט אראפ'גנב'נען א געשמאקען ביסען, בעת איך בין געווען א קארידאר־וועכטער. א מענש קען מיט ברויט אליין ניט לעבען, מיט ווינציג ברויט אודאי ניט.

מיין חבר האט געהאלטעןווארט. נאך צוויי טעג שווערער ארבייט אויפ'ן הויף, האט מען מיך ארויסגענומען פון מיין צעל און מיך געמאכט פאר א קארידאר־וועכטער. אין דער פריה און אין אבענט פלעגען מיר סערווירען ברויט פאר די ארעסטאנטען אין זייער'ע צעלען. צוועלף א זייגער אבער האבען מיר געהאט א גאנץ אנדער מעטאדע. די ארעסטאנטען פלעגען אריינמארשירען פון דער ארבייט אין טורמע אין א לאנגער שורה. אין פארהויז, ביי דער טיר פלעגען זיי זיך אפרייסען פונ'ם „שלאס־טריט" און אראפנעמען די הענט פונ'ם חבר'ס אקסלען. אינוויייניג, נעבען דער טיר, זיינען געשטאנען פולע קאסטענס מיט אנגעשניטענעם ברויט. דא איז אויך געשטאנען דער הויפט קארידאר־וועכטער און נעבען איהם — נאך צוויי קארידאר־וועכטער. איך בין געווען איינער פון אט די צוויי. אונזער ארבייט איז באשטאנען צו האלטען אט די קאסטענס מיט ברויט, בעת די שורה ארעסטאנטען איז פארביי געגאנגען. ווי נאר א קאסטען האט זיך אויסגעליידיגט האט שוין דער צווייטער קארידאר־וועכטער פארנומען מיין פלאץ מיט א פולען קאסטען ברויט. און ווען זיין קאסטען האט זיך אויסגעליידיגט, האב איך גלייך פארנומען זיין פלאץ. און אזוי האט זיך די שורה ארעסטאנטען אלץ געצויגען. יעדער ארעסטאנט שטרעקט אויס זיין רעכטע

האנט און נעמט א פּאַרציע ברויט פוּנ׳ם קאַסטען. די אויפגאַבע פוּנ׳ם הויפּט קאָרידאָר־וועכטער איז שוין געווען א גאַנץ אַנדערע. ער איז געשטאַנען נעבען קאַסטען ברויט מיט א גראָבען שטאָק אין דער האַנט און אַכטונג געגעבען. די אויסגעהונגערטע ארעסטאַנ־טען האָבען זיך בשום אופן ניט געקענט באַפרייען פוּנ׳ם געדאַנק, אַז מען קען א מאָל נעמען צוויי פּאַרציעס אַנשטאַט איינער. אין דער אמת׳ן איז דאָס אָבער געווען אוממעגליך. דער שטאָק פוּנ׳ם הויפּט קאָרידאָר־וועכטער האָט געהאַט א מיאוסע טבע: ער פלעגט א קלאַפּ טאָן אַזוי שנעל און אַזוי שטאַרק ווי די לאַפּע פון א טיגער — איבער דער האַנט, וואָס האָט אַמביציעז געוואָגט. דער הויפּט־קאָרידאָר־וועכטער האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען דעם ענין פון שטח. ער האָט אַזוי פיל הענט צוקלאַפּט, אַז ער האָט זיך קיינמאָל ניט טועה געווען, שטענדיג געטראָפען. אַזא ארעסטאַנט פלעגט ער געוועהנ־ליך באַשטראָפען דערמיט, וואָס ער האָט ביי איהם צוגענומען אויך די איינציגע פּאַרציע זיינע און איהם גלייך אָפּגעשיקט אין צעל, וואו זיין גאַנצע סעודה איז שוין איצטער באַשטאַנען פון בלויז הייסער וואַסער.

און בעת מאַנכע ארעסטאַנטען פלעגען קרענקען אין זייערע צעלען פאַרשמאַכט און הונגעריג, פלעגען הונדערטער ברויט פּאַר־ציעס זיך ארומוואַלגערען אין די צעלען פון די קאָרידאָר־וועכטער. איך אַליין האָב דאָס געזעהען. אין פלוג איז דאָס געווען א נאַ־רישקייט אַזוי פיעל ברויט צונויפזאַמלען. דאָס איז אָבער געווען אונזערס א געוועהנליך „פאַרדינסטעל". מיר זיינען געווען די עקאָנאָמישע הערשער ביי אונז אין קאָרידאָר, און פלעגען אָפּטאָן די זעלביגע מעשים, וואָס ווערען געוועהנליך אָפּגעטאָן אין דער צי־וויליזירטער וועלט. מיר האָבען קאָנטראָלירט די שפּייז פון דער טורמע־באַפעלקערונג, און פונקט ווי אונזערע פרייע ברידער, די וועלט־באַנדיטען, האָבען מיר אויך געצוואונגען דאָס פאָלק טהייער באַצאָלען פאַר אָט דער שפּייז. מיר האָבען געהאַנדעלט מיט׳ן ברויט. איין מאָל אין וואָך, פלעגען די ארעסטאַנטען, וואָס האָבען געאַר־בייט אויפ׳ן טורמע־הויף, קריגען א פינף־סענטיגען פרענטעל קיי־

טאַבאַק. אַט דער קיי־טאַבאַק איז געווען די מטבע אין אונזער קעניגרייך. איין פרענטעל קיי־טאַבאַק האָט געקאָסט צוויי אָדער דריי פּאַרציעס ברויט. און די אַרעסטאַנטען פלעגען זיך בייטען, ניט ווייל זיי האָבען וועניגער ליעב געהאַט דעם טאַבאַק, נאָר ווייל זיי האָבען מעהר ליעב געהאַט ברויט. אַך! איך ווייס, דאָס איז געווען אַזוי העסליך ווי, למשל, אַרויסרייסען צוקער־לעקאַכלאַך ביי אַ פּיצעל קינד. נאָר וואָס וואָלט איהר געטאָן? מיר האָבען גע־דאַרפט לעבען... און ווידער, עס מוז דאָך עפּעס זיין אַ באַלוינונג פאַר איניציאַטיווע און אונטערנעמונגס־גייכט! אחוץ דעם, פלע־גען מיר דאָך נאָר נאָכטאָן אונזערע צדיקים אויף יענער זייט טורמע־וואַנט, וואָס טוהען, אונטער דער מאַסקע פון סוחרים, באַנקירען און קאַפּיטאַנען פון דער אינדוסטריע, דאָס זעלביגע, וואָס מיר האָ־בען געטאָן. גאָט ווייס, וואָס ס'וואָלט פּאַסירט מיט די אָרעמע אַרעסטאַנטען נעבעך, ווען ניט מיר. מיר האָבען דאָך געבראַכט שפע און ברויט אין דער איריעד טורמע!... און מיר האָבען טאַקע צוגעוועהנט דעם עולם צו מעסיגקייט און שפּאַרזאַמקייט, בעת זיי האָבען מקריב געווען זייער קיי־טאַבאַק. נאָך מעהרער, מיר האָבען איינגעפּלאַנצט אינ'ם הארצען פון יעדען אַרעסטאַנט די אַמביציע צו דערגרייכען אונזער שטאַנד, כדי אויך צו קענען אַפּלעקען אַ בייג־דעל. אמת'ע ערלייזער פון דער געזעלשאַפט, בנאמנות!

אַט איז אַ הונגעריגער מענש און ער האָט ניט קיין קיי־טאַבאַק. אפשר איז ער גאָר אַן אויסברייינגער און האָט אליין פאַרנוצט דעם גאַנצען טאַבאַק. גוט. ער האָט אָבער אַ פּאָר שלייקעס. איך גיב איהם אַ האַלבע צענדלינג פּאַרציעס ברויט פאַר זיי אָדער טאַקע אַ גאַנצען צענדלינג, אבי ס'איז נאָר גוטע שלייקעס. איך אַליין טראָג טאַקע ניט קיין שלייקעס, אָבער דאָס מאַכט ניט אויס. אין עק־טור־מע דאַרטען זיצט אַן אַלטער טרעסטאַנט, צעהן יאָהר דאַרף ער „צענטעווען" פאַר מאָרד. ער טראָגט שלייקעס און וויל איצט גראָד קריגען אַ פּאָר שלייקעס. איך קען זיי ביי איהם פאַרצוקערן פאַר פליישׁ. איך וויל טאַקע זעהר פאַרזוכען אַ שטיקעל פליישׁ. אָדער אפשר האָט ער גאָר אַן אַלט, צוריסען מעשה־ביכעל. דאָס איז גאָר

א כשר'ע מציאה. איך לייען פריהער איבער די מעשה אליין און נאכדעם פארקויף איך דאס ביכעל דעם בעקער פאר א שטיקעל טארט, אדער דעם קוכער פאר א ברעקעל פלייש און גרינסען, אדער גאר דעם הייצער פאר א ביסעל אנשטענדיגע קאפע, אדער מאלע וועמען, פאר א צייטונג, וואס פלעגט א מאל צו אונז אריינפאלען, גאט ווייסט ווי אזוי! די קוכערס, בעקערס און הייצערס זיינען געווען פונקט אזעלכע ארעסטאנטען ווי מיר, און טאקע געזעסען אין איין „פארהויז" מיט אונז.

בקיצור, אין דער איריער טורמע האט געהערשט א גאנץ אנטוויקעלטע האנדעלס־סיסטעם, אפילו געלט האט אויך ניט אויסגעפעלט. א מאל פלעגען די פרישע ארעסטאנטען דורכשמוגלען אביסעל געלט, א מאל — די פריזירער, נאר אמערסטען — פלעגט דאס שטאמען פון די אלטע ארעסטאנטען. ווי אזוי זיי פלעגען דאס באקומען, ווייס איך ניט.

אחוץ זיין געהויבענער שטעלע האט דער הויפט קארידאר־וועכטער גע'שם'ט ביי אונז פאר א נביר. אויסער די אלע געוועהנליכע „פארדינסטלאך" פלעגט ער נאך ביי אונז, קארידאר־וועכטער אויך אפלעקען א ביינדעל. מיר פלעגען רייסען ביים גאנצען עולם די הויט און דער הויפט קארידאר־וועכטער—ביי אונז די נשמה. פאר אונזערע „פארדינסטלאך" האבען מיר איהם געהאט צו פארדאנקען און איהם טאקע געמוזט באצאלען. ווי געזאגט, האט ער גע'שם'ט פאר א נביר. זיין געלט האבען מיר אבער קיינמאל ניט געזעהען. געוואוינט האט ער אליין אין א צעל, אין איינזאמער גדולה.

איך בין זיכער, אז מען פלעגט פארדינען געלט אין אט דער טורמע: איך האב דארויף באווייזע. א שמיק צייט בין איך געזעסען מיט'ן דריטען קארידאר־וועכטער אין איין צעל. אריבער זעכצען דאלאר האט ער פארמאגט. אלע נאכט, נאך ניין א זייגער, ווען מען פלעגט אונז איינשליסען, האט ער געצעלט זיין געלט. און אלע נאכט, ווי א זייגער, פלעגט ער מיר דערצעהלען, וואס ער וועט מיר טאן, אויב איך וועל איהם אויסגעבען... ער האט מורא געהאט מען זאל איהם ניט בארויבען. פון דריי פארשידענע זייטען האט

אויף איהם געלויערט די סכנה. ראשית—פון די טורמע וועכטער. א פאר חברה זייערע, טוהען אויף איהם א שפרונג, ברעכען איהם גוט אן די ביינער, כלומר'שט פאר אונגעהארכזאמקייט און ווארפען איהם דערנאך אריין אין קארצער, און אין דער סומאטאכע ווערען די זעכצען דאלאר אויסגעטרוקענט. גנעה, שריי חי וקים... צוויי־טענס, דער הויפט קארידאר־וועכטער, קען ביי איהם צונעמען דאס גאנצע געלט, ווען ער טהוט איהם נאר איין סטראשע, אז ער זעצט איהם אראפ פון זיין גדולה און שיקט איהם ווידער אויף שווערער ארבייט אין הויף. דריטענס, זיינען דאך געווען נאך צעהן איינפאַ־כע קארידאר־וועכטער. מיר וואלטען דאך געקענט אלע איננאיי־נעם איהם צושפארען אין א ווינקעלע און איהם בארויבען. אה, מיר זיינען געווען אזוי ווי די וועלף, אקוראט ווי אונזער חברה פון וואל סטריט.

ער האט געהאט גוטע אורזאכען פאר אונז זיך צו שרעקען, און איך האב פאר איהם אויך געדארפט מורא האבען. ער איז געווען א שטארקע אונוויסענדע חיה, א געוועזענער אויסטער־פיראט ערגעץ ביים טשעסעפיק ים־אויסגוס, א געוועזענער קאטער־זשניק, וואס האט א מאל „געצענטעוועט" גאנצע פינף יאהר אין ניו יארקער סינג־סינג און בכלל, אן אמת'ע ווילדע חיה. ער פלעגט, למשל, כאפען וואראבייטשיקלאך, וואס פלעגען אריינפליהען צו אונז אין קארידאר דורך די אפענע גראטעס. האט ער אריינגעכאפט א פוינעלע, פלעגט ער זיך באלד אפטראגען דערמיט צו זיך אין צעל, וואו איך פלעג איהם זעהען כראמטשען די ביינדלאך און אויס־שפייען די פעדערן: רויערהייט האט ער דאס געפרעסען... אה, ניין! איך וואלט בשום אופן איהם ניט אויסגעגעבען צו די איבריגע קארידאר־וועכטער. דאס דערמאן איך דא דעם ערשטען מאל זיינע זעכצען דאלאר.

נאר פונדעסטוועגען פלעג איך איהם אויך עקספלואטירען. ער איז געווען פארליבט אין אן ארעסטאנטקע, וואס איז געזעסען אין דער פרויען־אפטיילונג. לייענען אדער שרייבען האט ער אבער ניט געקענט, פלעג איך איהם איבערלייענען איהרע בריעף און פאר

איהם אויף זיי ענטפערען. און ער האט מיר טאקע דערפאר געמוזט באצאלען. נאר בריעף זיינען דאס שוין געווען, איינמאל בריעף! איך האב אוועקגעלעגט מיינע בעסטע קרעפטען אויף אט די בריעף, די בעסטע מליצות און סוף־כל־סוף האב איך זי פאר איהם טאקע געוואונען; הגם, ס׳פארען א „יש אומרים״, אז פארליבט איז זי געווען ניט אין איהם, נאר אינ׳ם ענו, דעם שרייבער. נאכאמאל זאג איך, יענע בריעף זיינען געווען גרויסארטיג.

נאך א קוואל פון פרנסה איז ביי אונז געווען: „איבערגעבען דאס קנייטעל״. מיר זיינען געווען די הימעל־שלוחים, די פייער־ברייגערס, אין אט דער וועלט פון שלאס און גראטעס. ווען די ארעסטאנטען פלעגען קומען ביי נאכט פון דער ארבייט, פלעגט מען זיי פארשליסען אין די צעלען. רויכערן אבער דארף מען. דעמאלט פלעגען מיר, קארידאר־וועכטער, משפיע זיין דעם הייליגען פונק, לויפען פון צעל צו צעל איבער אלע גאלעריעס מיט אנגעצונדענע קנייטעלאך. די, וואס זיינען געווען קלוג, אדער מיט וועלכע מיר האבען געהאנדעלט, פלעגען שוין האלטען גרייט זייערע קנייטלאך. פונדעסטוועגען פלעגען ניט אלע קריגען דעם הייליגען פונק. דער חברה־מאן, וואס פלעגט ניט וועלען אראפלאזען די האנט אין קע־שעני, האט קיין פונק ניט געקראגען און האט זיך געמוזט לעגען שלאפען אהן א ציגאר־טוטין. נאר ווען האט עס געארט? ער איז סיי ווי געווען ביי אונז אין די הענט. און איז ער געווארען אביסעל צו פרעך, פלעגען מיר זיך אויף איהם אווארף טאן און קיין קרחת האט איהם שוין ניט געפעלט,

דאס איז געווען אונזער טעאריע. מיר זיינען געווען דריי־צען קארידאר־וועכטער. אין אונזער קארידאר האבען מיר געהאט א פינף הונדערט ארעסטאנטען. מיר האבען געדארפט אי טאן די ארבייט, אי אויפהאלטען די ארדנונג. די ארדנונג האבען, אייגענט־ליך, די טורמע וועכטער געמוזט אויפהאלטען, נאר זיי האבען דאס אונז איבערגעגעבען. און מיר האבען מיט אלע כחות דארויף געמוזט אויפפאסען. וואלט דאס אונז זיך ניט געווען איינגעגעבען, וואלט מען אונז זיכער משלח געווען צוריק צו דער שווערער ארבייט אויפ׳ן

הויף און דערצו נאך איינגעזעצט אין קארצער אלס פארבייסען. אבער כל זמן מיר האבען אויפגעהאלטען ארדנונג, האבען מיר גע־קענט אנהאלטען אונזערע ספעציעלע פרנסות.

טראכט זיך מיט מיר אריין אויף א רגע אין אט דער פראב־לעם. אין די הענט פון דרייצען ווילדע חיות האט מען איבערגע־געבען אריבער פינף הונדערט אנדערע חיות. אט די טורמע איז דאך געווען א לעבעדיגער גהינום, און מיר דרייצען האבען געמוזט מאכען א לאד. עס איז אומעגליך געווען פאר אונז צו באגעהן זיך איידעל מיט אזעלכע חיות. מיר האבען אויף זיי געמוזט ארויפ־ווארפען א שרעק. אנדערש, וואלטען מיר ניט געקענט געווען גע־וועלטיגען. פארשטעהט זיך, אויף אונזער צד, גרייט אונז צו העל־פען, זיינען געשטאנען די טורמע־וועכטער. אין אז אויסערגעווענליכע פאל פלעגען מיר זיי רופען; נאר צופיעל זיי מטריח זיין האבען מיר אויך ניט געטארט: זיי וואלטען אונז געווען אראפגעזעצט און גענומען פעהיגערע אויף אונזער פלאץ. ניט זעהט אפט פלעגען מיר זיי מטריח זיין, נאר אין פאל ווען מיר האבען געדארפט עפענען א צעל, כדי אריינצוקומען צו עפעס אן עקשן אן ארעסטאנט. אין אזעלכע פעלע האט דער וועכטער נאר געעפענט די טיר און אוועקגעגאנגען, כדי ניט צוזעהען ווי א פינף־זעקס קארידאר־וועכטער פאלען ארויף און צו׳ממית׳ן אן ארעסטאנט.

איך וועל געווי ניט באשרייבען ווי אזוי מען ממית׳ט דארט די ארעסטאנטען. נאך אלעמען איז דאס שלאגען פון די ארעסטאנ־טען געווען איינע פון די קלענסטע אומבאשרייבליכע שרעקען אין דער אירער טורמע. איך זאג „אומבאשרייבליכע"; אין דער אמת׳ן דארף איך אויך זאגען „אומדרוקבארע". איך אליין האב זיך דאס ניט געקענט פארשטעלען ביז איך האב דאס ניט געזעהען. און איך בין ניט געווען קיין חדר־אינגעל אין דער וועלט־פארדארבענהייט און איהר געזונקענהייט. מען וואלט געדארפט רעדען און רעדען כדי צו באריהרען אביסעל טיפער די אירער טורמע. איך באריהר זי אבער אט דא נאר זייער לייכט, נאר אויבערפלעכליך, ווי איך האב זי געזעהען.

אפֿט, למשל, אין דער פֿריה, ווען די ארעסטאַנטען פֿלעגען אראָפּגעהן זיך וואַשען, פֿלעגען מיר, די דרייצעהן קארידאָר־וועכ־טער, זיין צווישען זיי אליין. און יעדער איינער פֿון זיי איז אויף אונז געווען מלא רציחה. דרייצעהן אַנטקעגען פֿינף הונדערט — נו, האבען מיר טאַקע געמוזט זיי האלטען אין דער מורא. מיר האבען ניט געטאָרט דערלאָזען די קלענסטע פֿאַרשוועכונג פֿון די טורמע־רעגעלען, די מינדסטע חוצפּה. ווען מיר דערלאָזען דאָס, זיינען מיר פֿאַרפֿאַלענע. האָט ווער געעפֿענט אַ מויל — איז גלייך אַ האַק אין פּיסק, אַ סטאַסאַק מיט וואָס מען האָט געקענט און וואו מען האָט געטראָפֿען. דער שטעקען פֿון אַ בעזים האָט זעהר גוט געווירקט אויף זיי, זיי גלייך אויסגעניכטערט. נאָר דערמיט האָט זיך דאָס ניט געענדיגט. אַזאַ חברה־מאַן האָט מען אַזוי געמוזט אַנלערנען, אַז עס זאָל ארויפֿיאַגען אַ פּחד אויף אַלע איבריגע ארעס־טאַנטען; פֿלעגען מיר גלייך אריין צווישען עולם און איהם שוין ניט אַפּלאָזען. פֿאַרשטעהט זיך, יעדער קארידאָר־וועכטער איז געווען זיכער אַז אַלע איבריגע קארידאָר־וועכטער וועלען איהם גלייך ארויסהעלפֿען צו געבען קולאַקעס; דאָס איז אויך געווען אַ טורמע־געזעץ. האָט אַ קארידאָר־וועכטער פֿאַרטשעפּעט אַז ארעסטאַנט, האָט יעדער קארידאָר־וועכטער גלייך געמוזט צולויפֿען און באַרגען אַ פּאָר סטאַסאַקעס. גערעכט אָדער אומגערעכט — קלעפּ האָט מען גע־דאַרפֿט געבען, ווי אַזוי מען האָט געקענט, מיט וואָס מען האָט גע־קענט. מען האָט ביי איהם געדאַרפֿט אָפּשלאָגען דעם חשק צו זיין אַז עזות פּנים.

איך געדענק אַ שעהנעם, איינגען מולאַט פֿון אַ יאָהר צוואַנציג, וואָס האָט זיך געהאַט ארומגעטראָגען מיט'ן משוגענעם געדאַנק, אַז ער מוז זיך איינשטעלען פֿאַר זיינע רעכט. אמת, גערעכט איז ער טאַקע געווען, נאָר געהאָלפֿען האָט עס איהם ווי אַ טויטען באַנ־קעס. געזעסען איז ער אויף דער סאַמע אויבערשטער גאַלעריע. אין אַ אַנדערטהאַלבען מינוט האָבען אַכט קארידאָרטשיקעס ביי איהם ארויסגעקלאַפּט אַט די פֿאַנאַטישע איינבילדונג. ווייל מעהר פֿון אַנדערטהאַלבען מינוט האָט ביי איהם ניט געדויערט דורכ־

צומאכען דעם גאנצען וועג דורך די טרעפ פונ׳ם פינפטען עטאזש ביז אראפ. דורכגעמאכט האט ער דעם וועג אויף יעדען אבר אחוץ די פיס. און די אכט קארידאר־וועכטער זיינען דערביי לײדיג ניט געשטאנען. דער מולאט האט א פאל געטאן אויף דער שטיינער־נער פאדלאגע פונ׳ם ערשטען עטאזש, וואו איך בין געשטאנען און דאס אלץ צוגעזעהען. ער האט זיך א שטעל געטאן אויף די פיס, צושפרייט די הענט און ארויסגעלאזט א ווילדען געשריי פון שרעק און וועהטאג, אז ס׳האט פשוט אויסגעריסען דאס הארץ. אין דער זעלביגער רגע זיינען, ווי דורך א כשוף, די צופאסעוועטע טורמע־קליידער זיינע פון איהם אינגאנצען אראפגעפאלען און ער איז גע־בליבען שטעהן נאקעט. פון יעדען אבר האט דאס בלוט גערונען. ער האט א פאל געטאן און געבליבען חלשות. ער האט שוין גע־האט א לעקציע, און ניט נאר ער, נאר יעדער ארעסטאנט פון טורמע, וואס האט איהם געהערט א געשריי טאן האט געלערנט די זעלביגע לעקציע. איך אליין בין אויך דערפון קלוגער געווארען — עס איז שווערליך צו זעהען א מענשען אין איינע אנדערט־האלבען מינוט פארלירען זיין מוט און עקשנות.

מיט די קנייטלאך פלעגען מיר זיך נוהג זיין אויף אזא אופן: מען ברייננגט צו אונז א פארטיע פרישע ארעסטאנטען. איהר געהט פארביי די צעלם טאקע נעבען די גראטעס מיט אן אנגעצונדען קנייטעל. „גיב א שטיקעל פייער, טרעמפעניו!“ זאגט דיר עמיצער. דאס איז שוין א סמן, אז דער מענש האט טאבאק. גיט איהר איהם דאס קנייטעל און געהט ווייטער. אביסעלע שפעטער געהט איהר צוריק און עפעס גאר אזוי ווי דורך א צופאל שטעלט איהר זיך אפ ביי די גראטעס. „זאג נאר, טרעמפעניו, האסט אפשר אביסעל טוטין?“ זאגט איהר. אויב ער פארשטעהט ניט קיין עסק, וועט אט דער חברה־מאן מאכען דעם אנשטעל, אז ער האט שוין ניט קיין לעק טוטין. זעהר גוט. איהר טרייסט איהם גאנץ פיין און געהט זיך אייער וועג. נאר איהר ווייסט, אז דאס קנייטעל וועט ביי איהם מעהר ניט קלעקען ווי אויף איין טאג. אויפ׳ן צווייטען טאג געהט איהר ווידער פארביי. „העי, טרעמפעניו, גיב א שטי־

קעל פייער", רופט ער אייך. זאגט איהר איהם: „דו האסט דאך ניט קיין טאבאק — דארפסטו קיין פייער אויך ניט." און איהר גיט איהם טאקע ניט. אין האלבע שטונדע ארום, אדער אין א שטונדע, צוויי אדער דריי, געהט איהר ווייטער פארביי, און ער רופט אייך שוין אזוי שטיל און איידעל: „קום נאר אהער טרעמ־פעניו." געהט איהר צו. איהר שטעקט אריין א האנט צווישען די גראטעס און איהר נעמט זי ארוים פול מיט קאסטבארען טא־באק. דאמאלט גיט איהר איהם א שטיקעל פייער.

אמאל אבער קומט אן א פרישער ארעסטאנט, ביי וועמען מען קען גארניט קריגען. פון מויל צו מויל צושפרייט זיך די סודות־פולע ידיעה, אז מען מוז זיך מיט איהם באגעהן אנשטענ־דיג. פון וואנען אט די ידיעות פלעגען קומען האב איך קיינמאל ניט געוואוסט. ס'איז אבער געווען קלאר, אז אט דער בחור האט עפעס א פראטעקציע. אפשר איז ער געווען א מחותן מיט איי־נעם פון די הויפט קארידאר־וועכטער, אפשר גאר מיט עמיצען פון די טורמע וועכטער ערגעץ פון אן אנדער אפטיילונג. אפשר האט ער פאר אט דער פראטעקציע באצאלט ערגעץ אין די גאר הויכע פענסטער; ווי אזוי דאס איז דארטען ניט געווען, מיר האבען געוואוסט, אז צו אזא חברה־מאן טארען מיר זיך ניט טשעפען, אויב מיר ווילען אויסמיידען צרות.

מיר קארידאר־וועכטער זיינען געווען די פארמיטלער. מיר פלעגען אויספירען מסחרים צווישען די ארעסטאנטען פון פאר־שידענע אפטיילונגען פון דער טורמע און דערפאר קריגען אונזער מעקלעריי. אמאל האט א שטיקעל סחורה געמוזט דורכגעהן דורך פינף־זעקס פארמיטלער און יעדער האט זיך אראפגענומען זיין טייל אדער פלעגט אזוי עפעס קריגען פאר זיין טרחה.

קריגט עמיצער א טובה דארף ער דערפאר באצאלען, טוט ער א טובה — קריגט ער פאר זיין טירחה. איך אליין בין געווארען א בעל־חוב ווי נאר איך בין אריין אין טורמע. אט דעם חוב בין איך שולדיג געווען צו דעם ארעסטאנט, וואס האט אריינגע־שמוגעלט מיין פעקעלע זאכען אין טורמע. אין א וואך ארום

האט דער הייצער מיר געבראכט א בריעף. דער פריזירער האט זי איהם איבערגעגעבען. ער האט זי גענומען ביים ארעסטאנט, וואס האט אריינגעשמוגעלט מיין פעקעלע. פאר זיין טובה האב איך אט די בריעף זיינע געדארפט איבערגעבען עמיצען אנדערש. ער, אט דער ארעסטאנט, האט נאר אליין דעם בריעף ניט געשריבען. דער וואס האט אליין דעם בריעף געשריבען איז געוועזן עפעס אן אלטער ארעסטאנט און געשיקט האט ער איהם צו עפעס אן ארעסטאנטקע אין דער פרויען־אפטיילונג פון דער טורמע. איך וויים אבער ניט צו אט דער בריעף איז טאקע געשריבען געווארען פאר איהר אליין אדער זי איז מעהר ניט געוועזן ווי א רינגעלע אין דער קייט פון די שלוחים. וואס איך האב געוואוסט איז נאר, ווי אזוי זי זעהט אויס, און אז איך מוז דעם בריעף איהר איבערגעבען אין די הענט.

צוויי טעג זיינען פאראיבער, און איך האלט ביי זיך דעם בריעף; ענדליך האב איך געקראגען א געלעגענהייט. די ארעסטאנטקעס פלעגען פאריכטען די ארעסטאנטסקע קליידער. עטליכע קארידאר־וועכטער האבען געדארפט צוריק בריינגען עטליכע פעקלאך צוריסענע קליידער פון דער פרויען־אפטיילונג. מאד איך אפ מיט'ן קארידאר־וועכטער, אז איך זאל אויך געהן. טיר און טויער האבען זיך פאר אונז אפגעשלאסען און מיר זיינען געגאנגען און געגאנגען ביז מיר זיינען געקומען אין דער פרויען אפטיילונג. דארט, אין א גרויסען צימער זיינען געזעסען די ארעסטאנטקעס און האבען געלאטעט אונזערע בגדים. זוך איך מיט די אויגען אזא און אזא פרוי. לויט די סמנים, וואס מען האט מיר געגעבען האב איך זיך אפגעשטעלט אויף איינער. שאר איך זיך אלץ נעהענטער און נעהענטער צו איהר, און דא שטעהען צוויי וועכטערינס און זיינען „רואה” אויף אונז מיט אדלער־אויגען. די בריעף האלט איך אין מיין האנט און קוק אזוי, אנגעשטרענגט אויף דער פרוי. ווייסט זי, אז איך האב פאר איהר עפעס. ווייזט אויס, אז זי האט עפעס ערווארטעט, און ווי נאר מיר זיינען אריינגעקומען, האט זי זיך שוין אנגעשטרענגט צו טרעפען, ווער פון אונז טראגט מיט

זיך אט דעם עפּעס. איז אָבער איינע פון די וועכטערינס גע־שטאַנען נעבען אונז, סך הכל א פּאָר פוס ווייטער. און דאַ האָלטען שוין די קאָרידאָר־וועכטער און צונויפבינדען זייערע פּעק. אט פארשווינט די געלעגענהייט. באַברע איך זיך אזוי מיט מיין פּעקעל, בינד דאָס כלומר'שט איבער. וועט די וועכטערין זיך אַמאָל פאַרקוקען אדער איך וועל ניט דורכפירען מיין שליחות? אין דער מינוט האט עפּעס אַן ארעסטאַנטקע זיך א שפּיל געטאָן מיט איינעם פון די קאָרידאָר־וועכטער — צי זי האט איהם אונטערגעשטעלט א פיסעל, צי זי האט איהם א קניפּ געטאָן צי וואָס, נאָר די וועכ־טערין האט זיך צו איהר א ווענד געטאָן און זי שאַרף אויסגעזי־דעלט. איך וויים ניט, צי האט מען דאָס אומיסטען אַזוי א שטיף געטאָן, כדי אפּצוציהען דער וועכטערינס אויפמערקזאַמקייט, איך וויים אָבער, אַז דאָס איז געווען מיין איינציגע געלעגענהייט. די ארעסטאַנטקע מיינע נעמט אַראָפּ איהר האַנט פון דעם שוים, לאָזט זי אַביסעל אַראָפּ. איך בייג זיך אַן אויפצוהויבען מיין פּאַק. אזוי, אַנגעבויגענערהייט שפּאַר איך איהר אריין דעם בריעף אין האַנט און באַקום אַן אנדערען. דאָס פּעקעל ליגט שוין, טאַקע אין דער מינוט, אויף מיינע פּלייצעס, די וועכטערין טוט א קוק אויף מיר ווייל איך בין געווען דער לעצטער פון די קאָרידאָר־וועכטער. איך האָב זיך שוין אַביסעל צוגעאיילט צו דעריאַגען מיינע חברים. דעם בריעף, וואָס איך האָב באַקומען פון דער ארעסטאַנטקע, האָב איך איבערגעגעבען צום הייצער. פון איהם האַט דער בריעף געוואַנדערט צום פריזירער, נאָכדעם צום ארעסטאַנט, וואָס האַט אריינגעשמוגעלט מיין פּעקעלע ביז ער איז געקומען צום אַלטען ארעסטאַנט.

אפט זיינען די בריעף דורכגעגאַנגען אזוי פיל הענט, אז מען האט גאָר אפילו ניט געוואוסט ווער עס האט געשיקט די בריעף און צו וועמען. מיר זיינען מעהר ניט געווען ווי רינגעלאך אין דער גרויסער קייט. אַז ארעסטאַנט למשל וואַרפט מיר אריין א בריעף אין האַנט, איבערצוגעבען דעם און דעם, צום צווייטען רינגעלע, מעהר וויים איך גאָר ניט. פאַר אלע אזעלכע טובות פלעגען מיר,

געוועהנליך, קריגען שבר־טרחה. די גאַנצע טורמע איז געווען באַדעקט מיט אַ מין נעץ פון פּאַרקער־ליניעס. מיר, די קאָרי־דאָר־וועכטער, זיינען געווען די הערשער פון אָט דער פּאַרקער־סיסטעם און פלעגען זיך לאָזען גאַנץ פיין באַצאָלען, אַקוראַט ווי מען איז זיך נוהג אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דאָס זיינען געווען טובות צוליב פּראָפיטען, הגם אַמאָל פלעגען מיר אויך טאָן אַ טובה אומזיסט.

אין טורמע האָב איך זיך אַלץ מעהר און מעהר באַפריינדעט מיט מיין חבר־אַרעסטאַנט. ער האָט מיר זעהר אַ סך אַרויסגע־האָלפען און ער האָט אַרויסגעקוקט, איך זאָל פאַר איהם אויך אַזוי פיל טאָן. ווערען מיר באַפרייט האָבען מיר געדאַרפט צוזאַמען אַרומוואַנדערן און פאַרשטעהט זיך, צוזאַמען „מאַכען" אַ שטי־קעל אַרבייט, ווייל מיין באַקאַנטער איז געווען אַ פאַרברעכער, — ניט חלילה קיין „גאָר גרויסער" נאָר אַזוי, אַ געוועהנליכער פאַר־ברעכער, וואָס פלעגט גנב'ענען, ראַבעווען און אונטער אַ ענגשאַפט זיך ניט אָפּשטעלען אפילו פאַר מאָרד. אַ סך, אַ סך שטונדען זיינען מיר געזעסען צוזאַמען און גערעדט. ער האָט געהאַט צוויי אָדער דריי „שטיקלאַך אַרבייט" אויפ'ן אויג, און איך האָב איהם געדאַרפט אַרויסהעלפען. איך האָב געדאַרפט, הייסט דאָס, אויסאַרבייטען די דעטאַלען. איך בין כלומר'שט געווען אויסגע־קאָכט מיט אַ סך פאַרברעכער, געהאַט, הייסט דאָס, אַ גרויסע באַ־קאַנטשאַפט. אין דער אמת'ן אָבער האָב איך איהם פשוט גע־נאַרט, כדי אַנצוהאַלטען זיין פריינטשאַפט די גאַנצע דרייסיג טעג. ער ווידער האָט באמת געמיינט, אַז איך בין אַ מאַכער. ליעב האָט ער מיך געהאַט, ווייל איך בין ניט געווען קיין נאַר און אַביסעל אפשר טאַקע אַזוי אויך, צוליב מיר אַליין. פאַרשטעהט זיך, אַז עס האָט זיך מיר ניט אַנגעהויבען גלוסטען צו ווערען זיין שותף און פירען אַזאַ שמוציג קליינליך לעבען; איך וואָלט אָבער פשוט געווען אַן אידיאָט, ווען איך פאַרוואַרף זיין פריינטשאַפט און זיינע אַלע טובות. ווען עמיצער טאַנצט אויף הייסע קוילען, קען ער ניט טראַכטען און זוכען אַ וועג. אין אַזאַ לאַגע בין איך דאַך געווען

אין דער איריער טורמע. אדער זיין א מחותן מיט די „פני״, אדער הארעווען אויפ׳ן טורמע־הויף, און כדי צו זיין א מחותן מיט די „פני״ האב איך געמוזט זיין א גוטער ברודער מיט מיין באקאנ־טען.

דאס לעבען אין דער טורמע איז ניט געוועזן מאנאטאן. אלע טאג האט עפעס פאסירט אן אנדער זאך: חברה ארעסטאנטען פלעגען באקימען ספאזמעס, משוגע ווערען, זיך שלאגען, אדער די קארידאר־וועכטער פלעגען זיך אנשכור׳ן. ארומשלעפער דזשעק, א קארידאר־וועכטער, איז געוועזן „איינער פון די הויפט אפיום שכורים״. ער איז געוועזן אן אמת׳ער „פראפעסיאנאל״, א טרעמפ, פלעגען די איבריגע קארידאר־וועכטער איהם נאכלאזען דאס שטרי־קעלע. פיטסבורגער דזשאו, דער צווייטער קארידאר־וועכטער, פלעגט צושטעהען צו דזשעק׳ן און צוזאמען מיטשכור׳ן, ס׳איז דערגאנגען אזוי, ווייט, אז ביי אונז פלעגט מען שוין זאגען: די איריער טורמע איז דאס איינציגע פלאץ, וואו חברה קענען נוצען אפיום אדער עהנליכעס און בלייבען אומבאשטראפט. מען פלעגט זאגען, אז די חברה פון אונזער אפטיילונג פלעגט באקומען בראמען־פאר־טאש און דאס טרינקען. מילא, וואס זיי פלעגען דארטען נוצען — אנשכור׳ען פלעגט מען זיך אזוי ווי גאט האט געבאטען.

אונזער פארהויז איז געוועזן א געמיינע שאנד־הויז; געזעסען זיינען דארטען די סאמע נידעריגסטע, דער אפפאל פון דער גע־זעלשאפט — געבארענע טויגעניכטסען דעגענעראטען, שברי־כלי׳ם משוגעים, עפילעפטיקער, אידיאטען, שוואכלינגע. קורץ, עפעס א מין קאשמאר פון דער מענשהייט. פארשטעהט זיך, אז ספאזמעס זיינען געווען א וואכעדיגער גאנג, האט ווער באקומען א ספאזמע איז שוין אוועק א סדרה ספאזמעס איבער׳ן גאנצען קארידאר. האט איינער באקומען א ספאזמע — האבען איהם אנדערע נאכ־געטאן. איינמאל האבען זיבען חברה מיט אמאל באקומען ספאז־מעס און אפשר א זיבען לונאטיקער האבען זיך געווארפען און געשליידערט. טאן פאר זיי עפעס האט מען, פארשטעהט זיך, גאר ניט; מען פלעגט זיי נאר אפגיסען מיט קאלטע וואסער. ארויפ־

רופען דעם דאקטער אדער דעם סטודענט־מעדיקער איז געווען אן ארויסגעווארפענע ארבייט. זיי האט מען ניט געטארט דערקוט־שען מיט אזעלכע אפטע ערשיינונגען און קליינינקייטען.

אפטער פון אלעמען, פלעגט א יונגער אבצעניאהרינגער האָ־לאנדישער בחור באקומען אט די ספאזמעס. מיט איהם פלעגט זיך דאס געווענליך טרעפען איין מאָל אין טאָג, טאָג איין, טאג אויס. און טאקע דערפאר פלעגט מען איהם האלטען אויפ'ן אונ־טערשטען עטאזש איז איינע פון די לעצטע צעלס. עטליכע מאָל האט ער באקומען די ספאזמע אויפ'ן טורמע־הויף, אין די וועכ־טער האט דאס דערעסען. נו, פלעגען זיי איהם שוין אין הויף אריין קיינמאל ניט ארויסנעמען, און א גאנץ טאג פלעגט ער שויז זיצען ביי זיך אין צעל מיט עפעס א „קאקני"*) אלס צעל־חבר צוליב פרעהליכקייט. העלפען האט איהם דער „קאקני" ניט גע־קענט; ער פלעגט נאר פאראליזירט ווערען פון שרעק בעת זיין חבר פלעגט באקומען א ספאזמע.

דער האלענדישער בחור האט א ווארט ענגליש ניט געקענט רעדען. געווען איז ער א דארפישער בחור. ארעסטירט געווא־רען אויף ניינציג טעג פאר עפעס א געשלעג מיט א חברה־מאן. זיין ספאזמע פלעגט ער אנפאנגען מיט עפעס א מין וואיען. וואיען פלעגט ער ווי א וואלף. אנפאנגען האט זיך דאס ביי איהם שטעהענדיג, און אויסגעלאזט האט זיך עס דערמיט, וואס ער האט א פליאך געטאן, ווי לאנג ער איז, אין דער ערד. אז איך פלעג שוין דערהערען אט דעם לאנגען וואלפען־בריל, פלעג איך שוין כאפען דעם בעזים און צולויפען צו זיין צעל. מיר קארידאר־וועכ־טער פלעגען קיינמאל ניט האלטען ביי זיך די שליסעל; האב איך צו איהם קיינמאל ניט געקענט אריינקומען אין צעל, און דער בחור שטעהט אזוי ביי זיך אין צעל, אין סאמע מיטען, ציטערט, קערט איבער די אויגען, אז עס זעהען זיך ארוים נאר די ווייסלאך און וואיעט ווי עפעס א זינדיגע נשמה. וויפיל איך האב זיך געבעט־

*) א לאנדאנער.

טען, האָב איך קיינמאָל ניט געקענט פועל'ן ביים „קאקני" איהם עפּעס ארויס העלפען. בעת ער איז געשטאַנען און געוואַיעט, פלעגט דער „קאקני" א דערשראָקענער זיך צונויפדרייען אין דריי־ען אויפ'ן איבערשטען בעטעל און האַלטען אין איין קוקען מיט עפּעס אַן אומגעהייערן פּחד אין די אויגען אויף דער שרעקליכער פי־גור פון זיין צעל־חבר און זיך קאַרטשען. ער האָט שרעקליך דערפון געליטען, אַט דער אָרעמער מייוועל, דער "קאקני". זיין פאַרשטאַנד איז אויך ניט געווען צו קרעפטיג און ס'איז נאָר א וואונדער, ווי אַזוי ער איז אַליין ניט משוגע געוואָרען.

די איינציגע זאַך, וואָס איך האָב געקענט טאָן איז צו אָר־בייטען מיט'ן שטעקען פונ'ם בעזים. צווישען די גראַטעס פון זיין טיר פלעג איך אריינרוקען דעם שטעקען און צוריכטען איהם צו דער ברוסט פונ'ם האַלאַנדער און וואַרטען. פאַר'ן קריזיס פלעגט ער זיך אַנהויבען שאָקלען היז־און צוריק. איך פלעג איהם שוין אזוי נאָכגעהן מיט'ן בעזים, ווייל מען האָט ניט געקענט ווי־סען ווען דער חברה־מאַן וועט א פאַל טאָן. נאָר בעת ער פלעגט שוין א פאַל טאָן, האָב איך דעם פאַל אביסעל אָפּגעהאַלטען מיט'ן שטעקען. און ווי פיל איך פלעג זיך ניט בריה'ן פלעגט ער דאָך א פאַל טאָן שווערלאַך און זיך צובלוטיגען דעם פּנים אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. אבי ער איז שוין אומגעפאַלען און זיך געשלענגעלט קאַנוואולסיוו אויף דער ערד, פלעג איך איהם באַלד באַגיסען מיט אַן עמער קאַלטע וואסער. איך וויים ניט צו קאַלטע וואסער איז טאַקע געווען גוט פאַר איהם צו גיין, נאָר דאָס איז געווען דער מנהג אין דער איריער טורמע. מעהר האָט מען שוין מיט איהם קיין זאַך ניט געטאָן. אזוי פלעגט ער שוין ליגען נאָכער־הייך ארום א שטונדע און שפּעטער ארויפקריכען אויף זיין נאַ־רע. געוואוסט האָב איך, אַז מען דאַרף ניט לויפען צו קיין וועכ־טער נאָך הילף. נאָך אַלעמען, וואָס פאַר א ווערט האָט געהאַט א מענש מיט ספּאַזמעס?

אין א צווייטער צעל דערביי, איז געזעסען א מאָדנער טיפּ — א מאַן, וואָס האָט געדאַרפט אָפּזיצען זעכציג טעג פאַר עסען

פונ׳ם צעבער אין בארנום׳ס צירק, אזוי אמווינציגסטען פלעגט ער אליין דערצעלען. דאָס איז געווען אן אמת׳ע שברי־כלי, הגם אין אנפאנג זעהר מילד און איידעל. עס איז טאקע אמת געווען, אז מען האָט איהם פארשפארט אויף אָט דער באשולדיגונג, וואָס ער האָט דערצעהלט. ער האָט זיך ארומגעשלייעט אויפ׳ן צירק־פלאץ, און ווען ער איז געוואָרען שטארק הונגעריג האָט ער זיך צוגעשאַרט צו דער פאַמעניצע, וואוהין מען האָט אריינגעוואָרפען די „שיריים״ פון דעם מאַלצייט פאר די צירק־מענשען. „און ס׳איז טאקע גע־ווען גוטער ברויט״, פלעגט ער מיר אָפט פארזיכערען; „ס׳איז נאר קיין פלייש ניט געווען״. א פאָליציי־באַאַמטער האָט איהם דערזעהען און איהם ארעסטירט, און דערפאַר זיצט ער.

איינמאָל געה איך פארביי זיין צעל און האַלט גראד עפּעס א שטיקעל הארטע דראָט אין מיין האַנט. טשעפּעט ער זיך צו צו מיר, איך זאָל דאָס איהם געבען. גיב איך דאָס איהם איבער דורך די גראַטעס. שנעל און גאר אַהן געצייג צוברעכט ער דאָס אויף קליינע שטיקעלאך און מאַכט פון זיי עטליכע גוטע שפּילקעלאך. די שפּיצען האָט ער אויסגעשאַרפט אויף דער שטיי־נערנער פאָדלאָגע. פון דעמאָלט אָן האָב איך אנגעפאנגען צו האַנד־לען מיט אָט די שפּילקעלאך. איך פלעג פאר איהם קריגען דעם דראָט און פארקויפען די פאַרטיגע סחורה, ער פלעגט אריינלעגען זיין ארבייט. פאר זיין טרחה פלעג איך איהם באַצאָלען מיט עטליכע עקסטרא פּאָרציעס ברויט, און אמאָל איהם צוּוואַרפען א שטיקעל פלייש אדער א מארד־ביינדל.

נאר די טורמע האָט אנגעפאנגען צו ווירקען אויף איהם, און ער איז וואָס א טאָג געוואָרען אלץ ווילדער. די קארידאָר־וועכטער פלעגען זיך אַזש באַלעקען ווען זיי האָבען איהם צורייצט. זיי האָ־בען איהם אָנדערצעהלט א פולע מעשיות פון עפּעס אַן אומגעהייערע ירושה, וואָס עמיצער האָט איהם איבערגעלאָזט, און אַז כדי מען זאָל ביי איהם קענען אָוועקרויבען אָט דעם גרויסען פארמעגען, האָט מען איהם ארעסטירט און פארשיקט אין טורמע. פארשטעהט זיך, און ער אליין ווייסט דאָס אויך, עס איז ניטאָ קיין געזעץ, וואָס

פארבאט צו עסען פון א פאמעניצע. אט אזוי האט מען איהם, נעבעך, אומזיסט און אומנישט ארעסטירט, דאס איז מעהר ניט ווי א קאנספיראציע, כדי צונעמען ביי איהם דעם פארמעגען.

דערוואוסט דערפון האב איך זיך, בעת די קארידאר־וועכטער האבען אליין, לאכענדיג און שפאטענדיג, דערצעהלט, ווי זיי האבען איהם אנגעצויגען, שפעטער האט ער ערענסט זיך אנגעהויבען מיט מיר צו עצה'ן. דערביי האט ער מיר אליין דערצעלט וועגען זיינע מיליאנען און מכח דער קאנספיראציע איהם צו בעראבעווען, און האט מיר איבערגעגעבען די גאנצע זאך אויסצופארשען. איך האב געטאן, וואס נאר איך האב געקענט איהם אפצוקילען, גערעט עפעס אזוי זיך וועגען דער געשיכטע, אז דאס האט דאכט זיך געטראפען עפעס מיט אן אנדער מענשען, וואס האט אויך, דאכט זיך .א ענליכען נאמען, אז דער אמת'ער יורש איז גאר יענער מענש. ער האט זיך אביסעל אפגעקילט, בעת איך האב איהם פארלאזט; איך האב אבער ניט געקענט אפהאלטען פון איהם די אנדערע קארידאר־וועכטער, און יענע האבען איהם געהאלטען אין איין אויפרייצען. ענדליך, נאך א זעהר שטורמדיגע סצענע, האט ער מיך אפגעזאגט פון מיין שטעלע, אויסצופארשען דעם עסק, און מיר ערקלערט א סטרייק. דערמיט האט זיך געענדיגט מיין מסחר מיט די שפילקעלאך. ער האט זיך זיי ענטזאגט צו מאכען און האט מיך באשאטען פון קאפ ביז די פיס מיט'ן רויען מאטעריאל, בעת איך ביז פארביי געגאנגען פארביי זיין צעל.

איך האב זיך שוין קיינמאל מיט איהם ניט געקענט איבערבעטען. די קארידאר־וועכטער האבען איהם געזאגט אז איך בין א דעטעקטיוו און ארבייט ביי זיינע קאנספיראטארס, און אזוי האבען איהם די חברה פשוט משוגע געמאכט. שטענדיג האט ער זיך ארומגעטראגען מיט א מאניע, אז מען פארפאלגט איהם, ביז ער איז טאקע געווארען א מסוכן־ווילדער משוגע'נער. די וועכטער פלעגען ניט וועלען אויסהערען זיינע מעשיות וועגען די מיליאנען, וואס מען האט ביי איהם גערויבט, און ער פלעגט זיי באשולדיגען, אז זיי אליין ווילען אויך אפלעקען א ביינ־

דעל. איינמאל האט ער א ווארף געטאן א טעפעלע הייסע טעה אויף איינעם פון די וועכטער. דעמאלט האט מען זיך פאראינ־טערעסירט מיט איהם. דער אויפזעהער האט מיט איהם א רעד געטאן דורך די גראטעס, דערנאך האט מען איהם אפגעשיקט צום דאקטער. צוריק איז ער שוין ניט געקומען, און עד היום ווייס איך ניט צי ער איז געשטארבען צי ער פלאפעלט נאך איצט אויך פון זיינע מיליאנען ערגעץ וואו אין א משוגעים־הויז.

ענדליך איז געקומען דער געוואונשטער טאג פון מיין באַ־פרייאונג. דעם טאג האט מען אויך באפרייט דעם דריטען קארי־דאר־וועכטער און, די ארעסטאנטקע, וואס איך האב פאר איהם גע־וואונען, האט געווארט אויף איהם אין דרויסען ביים טויער. גליק־ליכע האבען זיי זיך באלד אפגעטראגען. איך מיט מיין באקאנ־טען זיינען ביידע גלייך ארויס און ביידע אוועק צו פוס קיין באַ־פאלא. וועלען מיר שוין ביידע דען ניט זיין צוזאמען אויף שטענ־דיג? דעם טאג האבען מיר צוזאמען גבעטעלט איבער דעם הויפט־וועג, און וואס מיר האבען צונויפגעקליבען האבען מיר פאר־טאכלעוועט אויף „קופעלס" ביער, דריי סענט א שטיק. איך האב אלץ געזוכט א געלעגענהייט זיך אפטראגען. אויפ'ן וועג האב איך זיך ביי א טרעמפ דערוואוסט, ווען א געוויסער פראכט־צוג פארט אפ. איך האב שוין די צייט גוט אויסגערעכענט. אין יענער שעה זיינען מיר ביידע, איך מיט מיין באקאנטען געווען אין א שענקעל. צוויי שוימענדע „קופעלס" ביער זיינען געשטאנען גרייט פאר אונז. איך וואלט זעהר א בעלן זיין זיך געזעגענען מיט מיין באקאנטען. ער האט מיר געטאן אזוי פיל טובות. איך האב אבער ניט גע־וואגט. איך בין ארויסגעגאנגען דורך דער הינטער־טיר פון שענ־קעל אריבערגעטאנצט א פלויט, דאס איז געווען א שנעל שטיקעל ארבייט. אין עטליכע מינוט ארום בין איך שוין געווען אויף א פראכט־צוג, וואס איז געלאפען קיין דרום צו, אויף דער וועסט ניו־יארק און פענסילוועניא ליניע.

# צווײשען טרעמפּס.

אין פאַרלויף פון מײַן טרעמפּ־לעבען האָב איך באַגעגענט ניט
איין טרעמפּ. אָדער איך האָב איהם באַגריסט, אָדער ער — מיך.
צוזאַמען געוואַרט בײַ דער „וואַסער־ביט", געקאָכט אמאָל א „וויע־
נער־ױויד". געבעטעלט אין גאַס צוזאַמען, אדער געקלאַפּט אין די
הינטער־טירען, אָפּגעשווינדעלט די באַן־באַאַמטע און נאָכדעם זיך
צושייט און מעהר קיינמאָל ניט באַגעגענט. אנדערע טרעמפּס פלעג
איך באַגעגענען ווידער אמאָל און אָבער אמאָל איבעראַשענד אָפט.
מאַנכע אָבער, פלעגען פאַרבייגעהן ווי גייסטער, נאָהענט, מיט דער
האַנט צו דערלאַנגען, אָבער אומבאַמערקט, און פאַרפאַלען ווערען
אויף אייביג.

נאָך א טרעמפּ פון אָט דעם לעצטען מין האָב איך זיך גע־
יאָגט אריבער דריי טויזענט מייל מיט׳ן באַן, דורכגעשניטען גאַנץ
קאַנאַדע און אפילו איין מאָל די זכיה ניט געהאַט אויף איהם א
קוק צו טאָן. זיין צו־נאָמען איז געווען „זעגעל־דזשעק". דאָס
ערשטע מאָל האָב איך אָט דעם צו־נאָמען באַמערקט אין מאָנט־
ריאל קאַנאַדע. מיט א קליין מעסערל איז געווען איינגעקארבט
דער זעגעל־שטאַנג פון א שיף, גלאַטיג אָפּגעאַרבייט. אונטער׳ן
שטאַנג איז געווען איינגעקארבט „זעגעל־דזשעק", אויבען — מ. ר.
10-15-94". אָט דער אויפשריפט האָט מודיע געווען, אז ער איז
דורכגעפאָרען מאָנטריאל אין דער מערב־ריכטונג דעם פופצענטען
אָקטאָבער, 1894. ער איז ארויסגעפאָרען פריער פאַר מיר סך־
הכל מיט איין טאָג. אין יענער צייט איז מיין צו־נאָמען גראָד
געווען „מאַטראָז־דזשעק". איך האָב איהם באַלד איינגעקארבט

נעבען זיינעם, מיט'ן דאטום און מיט דער אינפארמאציע, אז איך האב זיך אויך גענומען אין דער מערב־ריכטונג.

די ערשטע הונדערט מייל האט א צופאל נאך א צופאל מיך נעהאלטען אין איין פארפאלגען. ערשט אין אכט טעג ארום, דריי הונדערט מייל אין דער מערב ריכטונג פון אטאווא, האב איך זיך אנגעשלאגען אויף א שפור פון „זעגעל־דזשעק". זיין צו־נאמען איז געווען אויסגעקארבט אויף א וואסער־ביט, און לויט'ן דאטום האב איך דערקענט, אז ער האט אויך געהאט ניט איין איבער־שלאג אין וועג. מיך האט ער סך הכל איבערגעיאגט אויף צוויי מעת־לעת. איך בין געווען א „קאמעט" און א „קעניגליכער טרעמפ" און „זעגעל־דזשעק" איז אויך אזא געווען; און מיין שטאלץ און רעפוטאציע האבען דאס געפאדערט, איך זאל זיך מיט איהם אויסגלייכען. פאר איך ביי טאג און ביי נאכט ביז איך יאג איהם אריבער; איך גיב זיך איין דרעה, אהא! ער איז שוין ווידער פארלאפען דעם וועג. אמאל האט ער מיך איבער־געיאגט אויף א טאג אדער צוויי, אמאל — איך איהם. א גרוס פון איהם פלעג איך אמאל אפנעמען ביי די טרעמפס, וואס זיינען געפארען אונז אנטקעגען אין דער מזרח־ריכטונג. ביי זיי האב איך זיך טאקע דערוואוסט, אז ער האלט פון מיר און פרעגט זיך נאך מיר נאך.

איך בין זיכער, אז מיר ביידע וואלטען גראד געווען א גלענ־צענדע פאר ווען מיר קומען זיך נאר צוזאמען; האבען מיר זיך אבער ניט געקענט צוזאמענקומען. ביז הינטער מאניטאבא בין איך געפארען דער ערשטער, נאר דעם גאנצען וועג דורך אלבערטא איז ער געפארען פאראויס. עפעס איין מאל — געווען איז דאס א צרה'דיגער גרויער פרימארגען, טאקע נעבען א סטאנציע — ווער איך געוואר, אז ערשט צוריק מיט א נאכט האט מען איהם געזעהען דא ניט ווייט. אט די נייס האב איך זיך דערוואוסט אויף א מאדנעם אופן. די גאנצע נאכט דעמאלט בין איך גע־האט געפארען אין א „פולמאן־וואגאן מיט א טיר אין דער מיט"

(פראַכט־וואַגאָן) און איך בין איבערגעפרוירענע געוואָרען. ביי דער סטאַנציע קריך איך, קוים א לעבעדיגער ארויס אויסצובעטלען ערגעץ עטוואָס שפּייז. א אייז־קאַלטער נעבעל האָט זיך פאַרביינגעטראָגען. איך פּאַק א פּאָר פון די הייצערס אין דער לאָקאָמאָטיוו־געביידע, און זיי פיטערן מיך אונטער מיט די שיריים פון זייערע טאָרבעלאַך. דערצו האָב איך נאָך ביי זיי געקראָגען א גאַנצע קוואָרט הימעלשע „יאַווא" (קאַפע). איך וואַרעם אָן די קאַפּע און זעץ זיך אוועק עסען אין דער מינוט קומט אָן א פראַכט־צוג פון דער וועסט. עס עפענט זיך א זייטיגע טיר און פון וואַגאָן קריכט ארויס א וואַנדער־יאַט. דורכ'ן נעבעל הינקט ער גלייך צו צו מיר. ער איז אזוי איבערגעפרוירען געוואָרען, אז די ליפּען זיינען איהם אזש געווען בלוי. צוטייל איך זיך מיט איהם מיט דער „יאַווא" און מיט דער סעודה, און ער דערצעלט מיר דערווייל פון זיך און פון „זעגעל־דזשעק". ארויסגעוויזען האָט זיך, אז דער יאַט איז טאַקע מיינער א בן־עיר, אן אקלאַדנער פון קאַליפאָרניא, א מיטגליד פון דער באַוואוסטער באַנדע „בו", מיט וועלכער איך בין צייטענווייז געווען א מחותן. נערעט האָבען מיר גאַנץ לעבעדיג און פאַרטיג געוואָרען מיט דער סעודה אין א האַלבער שטונדע אַרום. מיין צוג פאַנגט זיך אָן ארויסצורוקען. איך האָב גלייך אויף איהם ארויפגעטאַנצט און פאָר ווייטער צו מערב אויפ'ן שפּור פון זעגעל־דזשעק.

צווישען די בערגיגע דורכגענגע בין איך אָפּגעהאַלטען געוואָרען, ארומגעגאַנגען צוויי טעג אָהן עסען ,זיך געשלעפּט צופוס עלף מייל ביז איך בין ערגעץ פאַרקראָכען און דאָך איבערגעיאָגט זעגעל־דזשעק'ן ביים אריבערפאָרען דעם טייך פרייזער אין בריטיש־קאָלומביא. דעמאָלט בין איך געפאָרען אויף פּאַסאַזשיר־צוגען און אָנגעיאָגט די צייט; נאָר, ווייזט אויס, אז ער האָט זיך אויך א נעם געטאָן צו די פּאַסאַזשיר־צוגען און טאַקע מיט מעהר מזל, אדער מיט גרעסערע קונצען ווי איך, ווייל ער איז אנגעקרמען פריער פון מיר קיין מישיאָן.

מישיאָן איז געווען א פאַרצווייגטער אייזענבאַן־צענטער. א

פערציג מייל צו מזרח פון וואנקאָווער. פון אָט דעם צענטער האָט מען זיך ועקענט א נעם טאָן צו דרום דורך וואשינגטאָן און אָרעגאָן אויף דער צפון־פּאַסיפישער אייזענבאַן ליניע. טראַכט איך אזוי, אין וואָס פאַר א ריכטונג וועט זעגעל־דזשעק זיך א נעם טאָן? געמיינט האָב איך, אז איך בין איהם פאַרלאָפען די וועג. איך אליין האָב נאָך אלץ געהאַלטען אין פאָרען צו מערב, ביז וואנקאָווער. געה איך אזוי צו צו דער וואַסער־ביט, כדי דאָרט איינקאָרבען אָט די אינפאָרמאציע, איך גיב א קוק „זעגעל־דזשעק'ס" זעגעל־שטאַנג מיט'ן נאָמען, דאטום אקוראט פון יענעם טאָג זיינען פריש איינגעקריצט אינ'ם האָלץ פון דער ביט. איך לויף קיין וואנקאָווער. ער איז שוין אָבער געהאַט אוועק. ער האָט גע־כאַפּט א שיף און פליהט איבער דער וועלט. בנאמנות, זעגעל־דזשעק, דו ביסט געוועזען באמת א „קעניגליכער טרעמפּ", און דיין חבר איז געוועזען דער ווינט, וואָס וואַנדערט ארום דער וועלט. איך ציה מיין הוט פאַר דיר. נישקשה, ביסט איבערגעגאַנגען אלע מדרגות. אין א וואָך ארום האָב איך אויך געפּאַקט א שיף, און אויף דער יומאַטילא צווישען דער שיף־מאַנשאַפט האָב איך זיך דורכגעשלאָגען מיין וועג קיין סאַן פראַנציסקא. „זעגעל־דזשעק" און מאַטראָז דזשעק — א, ווען מיר זאָלען זיך געווען צוזאַמענ־קומען!

די וואַסער־ביטען זיינען ביי די טרעמפּס די אדרעס־ביכער. ניט גלאַט אזוי אין דער וועלט אריין קאָרבען די טרעמפּס איין זייערע צו־נעמען די דאַטום און די ריכטונגען. זעהר אָפט פלעג איך באַגעגענען טרעמפּס, וואָס פלעגען גאַנץ ערענסט זיך נאָכפרע־גען, צי האָב איך ניט געזעהען ערגעץ וואו אזא און אזא טרעמפּ אָדער זיין צו־נאָמען. און ניט איין מאָל פלעג איך קע־נען אָנגעבען זיין לעצטען צו־נאָמען, די וואַסער־ביט און די ריכ־טונג, אין וועלכער ער האָט דעמאָלט געהאַלטען אין פאָרען. און דער טרעמפּ, ווען איך האָב איבערגעגעבען אָט די אלע ידיעות, האָט זיך גלייך א לאָז געטאָן נאָך זיין חבר. איך פלעג באַגעגענען טרעמפּס, וואָס האָבען דורכגעשניטען דעם גאַנצען קאָנטינענט היך־

און־צוריק זוכענדיג זייערע חברים און עד היום האלטען זיי נאך אין איין זוכען.

די צו־נעמען זיינען די Nom-de rails וואס טרעמפס גיבען זיך אליין אדער נעמען אן געצוואונגענערהייט פון אנדערע חברה. ליערי דזשאו (דער ביטערער דזשאו), למשל, איז געווען א גאנץ נאאיוועער און דערפאר טאקע האבען איהם די חברה אזא נאמען געגעבען. קיין טרעמפ מיט עטוואס זעלבסט־רעספעקט וואלט זיך אליין ניט אויסגעקליבען אזא נאמען ווי סטיו־באם*). זעהר ווייניג טרעמפס שטרייכען זיך מיט זייער פארגאנגענהייט, ווען זיי פלעגען זיין באשעפטיגט מיט אומנאבעלער ארבייט און טאקע דערפאר זיינען פאכאווע צו־נעמען אזוי זעלטען. הגם איך געדענק א פאר אזעלכע נעמען, למשל: שווארצער „פארמען־גיסער“, רויטער מא־לער, שי בלייארבייטער, קעסעל־מאכער, מאטראז־יונג, זעצער „בא“. „שי“ איז אויף אונזער פארשטעלטער שפראך שיקאגא.

א באליבטער איינפאל איז ביי די טרעמפס געווען צו בויען זייערע צו־נעמען לויט די פלעצער, פון וואנען זיי פלעגען אפ־שטאמען ווי למשל: ניו־יארקער טאממי, פאסיפישער דראנג, באפאלאר סמיטהקעלע, קאנטאנער טים, פיטסבורגער דזשעק, סי־ראקיוזער „שיין“, טראיער מייקעל, ק. ל. ביל און קאנעקטיקוטער דזשימעלע. ווידער איז געווען א צו־נאמען „לאנגער דזשים פונ'ם עסיג בארג, אויף ארבייט געווען און געבליבען קארג“. א „שיין“ האט געהייסען א נעגער, ווייזט אויס, צוליב זיין שטארק־גלאנצי־גען אויסזעהען. דער טעקסעסער „שיין“ אדער דער טאלידא'ר שיין, אזעלכע צו־נעמען דייטען שוין אן אי די ראסע אי דעם געבורט־פלאץ.

צווישען יענע, וואס האבען פארקערפערט זייער ראסע, דער־מאן איך זיך אן די פאלגענדע: פריסקא'ר שיני (איד), ניו־יארקער אירלאנדער, מישיגאנער פראנצויז, ענגלישער דזשעק, לאנדאנער יאט און מילוואקער דייטש. אנדערע ווידער האבען געקראגען זיי־

---

*) געדעמפטער פוסט־און־פאסניק.

ערע צונעמען לויט'ן געבורט־קאַליר, למשל, דער ווייסינקער „שי", דער רויטער ניו דזשוירסי'ר, באָסטאָנער שוואַרצינקער, סיאַטלער ברוינינקער, און געלער פּיק און געלער בויך — דער לעצטער אַ קרעאַל פון מיסיסיפּי, אויף וועמען, איך האָב מורא, אַנדערע האָבען אַרויפגעצוואונגען אַט דעם צו־נאָמען. קעניגליכער מעקסיקאַנער. גליקליכער דזשאָו, שעהנער קאַנאַרס, געוויקסיגער באָ, דער שוואַר־צינקער טאָראָנטאָ און מעק־קאַל דער געשיקטער האָבען שוין גענוצט מעהר פאַרשטעלונגס־קראַפט ביים צוזאַמענשטעלען זייערע צו־נעמען. אַנדערע, מיט ווייניגער פאַנטאַזיע, מוזען נעבעך אָננעמען זייערע צו־נעמען לויט די פיזישע אייגענטימליכקייטען זייערע, ווי למשל: דער לאַנגער וואַנקאָווער, דעטראָיטער קאַרליק, אָהייאָ'ר פּעמפּיק, לאַנגער דזשעק, גרויסער דזשים, קליינינקער דזשאָ, ניו־יאָרקער בלינצלער, שי מיט דער נאָז און בען דער האָרבאַטש.

גאַנץ באַזונדער שטעהען די וואַנדער־יאַטען און גלאַנצען פאַרביי מיט אַ ענדלאָזער פאַרשידענאַרטיגקייט פון צו־נעמען. אָט זיינען, למשל, עטליכע, וואָס איך האָב אָנגעטראָפען אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרט: פראַנטאַוועער יאַט, בלינדער יאַט, ספּרינגער יאַט, הייליגער יאַט, שטאָק יאַט, שנעלער יאַט, צוקער־לעקאַך יאַט, מאָל־פּע יאַט, אייאָווא'ר יאַט, אַראַטאָר יאַט (וואָס האָט געקענט דער־צעלען ווי אַזוי ס'האָט פּאַסירט), און ליפּען יאַט (וואָס איז געווען אַ חוצפה'ניק, איהר האָט זיך געמעגט אויף איהם פאַרלאָזען, ניש־קשה).

אויף דער וואַסער־ביט און סאַן מאַרציאַל, ניו מעקסיקאָ, איז מיט אַ צוועלף יאָהר צוריק געווען איינגעקריצט אַזאַ מין מגילה:

א) דער הויפּט־שלעפּ איז ניש־קשה.

ב) די ביקעס זיינען ניט בייז.

ג) אין לאָקאָמאָטיוו־הויז קען מען „בירען".

ד) די צפון־צוגען זיינען ניט גוט.

ה) די „הייזער" זיינען נים גוט.

ו) די רעסטאָראַנען זיינען גוט נאָר פאַר קוכערס.

ז) די וואקזאלען זיינען גוט נאר אויף צו ארבייטען ביינאכט.

אלף איז מודיע, אז מען קען ניש־קשה׳דיג בעטלען געלט אויף דער הויפט־גאס; בית ווייזט אן, אז די פאליציי דערקוט־שעט ניט די טרעמפס; גימל דערצעהלט, אז מען קען איבער־שלאפען אין לאקאמאטיוו־הויז; דלת, איז עפעס ניט אזוי קלאר. פארוואס זיינען די צפון־צוגען ניט גוט? צו מען קען זיי ניט אפ־פריצעווען, צו קען מען אין זיי ניט בעטלען? הא מיינט פשוט, אז די איינוואוינער זיינען ניט גוט צו די בעטלער, און וו צייגט אן, אז נאר טרעמפס, וואס זיינען געווען קוכערס קענען כאפען א ביס אין די רעסטאראנען. זין איז ביי מיר אליין א רעטעניש. איך ווייס ניט צו די וואקזאלען זיינען גוט פאר יעדער טרעמפ צו בעטלען דארטען ביי נאכט, אדער זיי זיינען נאר גוט פאר קוכער־טרעמפס צו בעטלען ביי נאכט, אדער אפשר קען יעדער טרעמפ, יא א קו־כער אדער ניט קיין קוכער, צולעגען דארט א האנט ביי נאכט, ארויסהעלפען די קוכערס מיט דער גראבער ארבייט פונ׳ם וואק־זאל און דערפאר קריגען עפעס צו עסען, שכר־טרחה.

נאר לאמיר זיך צוריק אומקערען צו די טרעמפס, וואס מען באגעגענט ביי נאכט. איך געדענק איינעם, וואס איך האב באַ־געגענט אין קאליפארניע. געווען איז ער א שוועד, נאר ער איז שוין אזוי לאנג געווען אין אמעריקא, אז מען האט זיין נאציאנאליטעט אויף איהם ניט דערקענט. האט ער אליין ניט אויסגעזאגט ווער ער איז — האט מען טאקע ניט געוואוסט, ווייל ער איז געקומען אהער נאך א קליין קינד. דאס ערשטע מאל האב איך איהם באגעגענט אין דער בערגיגער שטאט טראקי. „וואוהין איז, טרעמפוניו?“ באַ־גריסען מיר זיך, אין „מזרח־ריכטונג“ איז געווען אונזערביידענס ענטפער. א היבשע באנדע טרעמפס האבען זיך אנגעהאנגען אויפ׳ן צוג יענע נאכט. אין דער סומאטאכע האב איך פארלארען דעם שוועד. איך האב אויך אנגעווארען דעם צוג.

קיין רענא, נעוואדע ביז איך אנגעקומען אין א פראכט־וואגאן, וועלכען מען האט גלייך איבערגעשטעלט אויף א זייטיגער ליניע.

געווען איז דאס א זונטאג אין־דער־פריה, שפאן איך איין די פיס א זוך טאן עפעס איבערבייסען. נאכדעם כאפ איך זיך אריבער צו דעם לאגער פיוטע און קוק אזוי ווי די אינדיאנער היצען זיך אין קארטען שפיל. איך טו זיך א דרעה, אהא — דער שוועד שטעהט, גוואלדיג פארטיעפט. כאפען מיר זיך, פארשטעהט זיך ארום. ער איז געווען מיין איינציגער באקאנטער אין אט דעם געגענד, און האט אחוץ מיר דא אויך קיינעם ניט געהאט. פירען מיר זיך שוין ביידע אזוי ארום דעם גאנצען טאג, זוכען צוזאמען עפעס א ביסען פאר מיטאג און צוזאמען, שפעט ביי טאג, פרובירען מיר זיך ארויפכאפען אויף א פראכט־צוג. איהם האט מען אבער ארונטער געשליידערט און איך בין אליין אפגעפארען, כדי ארונטערגעשליי־דערט צו ווערען ערגעץ אין א פארווארפען ווינקעל, א צוואנציג מייל ווייטער.

דאס פלאץ, וואו מען האט מיך ארונטערגעווארפען, איז געווען דאס איינזאמסטע אויף דער וועלט. דאס איז געווען א סיגנאל־סטאנציע און איז באשטאנען פון עפעס א כאלופקע אויפ־געווארפען אהן א סדר אויפ'ן זאמד צווישען דעם געוויקסיגען סטע־פאווע גראז. א קאלטער ווינט האט געבלאזען, די נאכט האט אנגעהויבען צופאלען, און דער איינזאמער טעלעגראפיסט, וואס האט געוואוינט אין אט דער כאלופקע האט זיך פאר מיר געשראָ־קען. געוואוסט האב איך, אז ביי איהם וועל איך באין אופן ניט קריגען ניט קיין בעט און ניט קיין עסען. טאקע צוליב דער אפע־נער מורא זיינער פאר מיר, האב איך איהם ניט געגלויבט ווען ער האט מיר געזאגט אז די מזרח צוגען שטעלען זיך דא ניט אפ. אחוץ דעם, האט מען דען מיך ניט אראפגעווארפען אט א דא א ערשט מיט א פינף מינוט צוריק פון א מזרח־צוג? פארזיכערט ער מיך, אז דער צוג האט זיך דא אפגעשטעלט לויט א ספעציעלער פאראָרד־נונג און, אז ס'קען אפשר אוועקגעהן א גאנץ יאהר ביז א צוג זאל זיך דא נאכאמאל אפשטעלען אויף א פאראָרדנונג. ער זאגט מיר, אז וואדסווארטה איז סך הכל א צוועלף אדער פופצען מייל ווייטער און עצה'ט מיך אהין צו געהן. מיר געפעלט אבער צו ווארטען

ביז עס געהען פארביי צוויי מערב פראכט־צוגען און איין מזרח־צוג אהן אן אפשטעל. איך וואלט א בעלן זיין וויסען צו דער שוועד פארט אויפ'ן לעצטען צוג. מילא א ברירה האט איך? איכ'ל מוזען זיך א לאז טאן איבער די שפאלען קיין וואדסוואירטה. פאנג איך אן צו שפאנען איבער די שפאלען און איך זעה, אז דעם טעלעגראפיסט איז אראפגעפאלען א שטיין פונ'ם הארצען: ניט איך האב איהם אונטערגעצונדען זיין כאלופקע, ניט איך האב איהם דער'הרג'עט. טעלעגראפיסטען האבען פארוואס גומל צו בענשען. מיט א זעקס מייל וויטער האב איך געמוזט אראפ פון די שפאלען, כדי דורכצולאזען א מזרח־צוג. ער איז געלאפען שנעל, נאר עפעס א טונקעלע פיגור, וואס האט אויסגעקוקט ווי דער שוועד, אויף דער ערשטער „בלינדער" פלאטפארם האט מיר א פינקעל געטאן אין די אויגען.

פון דעמאלט אן איז שוין אוועק א היבשע צייט, וואס איך האב איהם ניט געזעהען. מיר איז אויסגעקומען דורכצושניידען די הויכע פלעצער פון דער נעוואדא וויסטעניש, וואס ציהט זיך אויף הונדערטער מיילען. ביי נאכט פלעג איך, צוליב שנעלינקייט, פארען אויף די פאסאזשיר־צוגען און ביי טאג אויף פראכט־צוגען, וואו איך האב געקענט זיך אביסעל אויסשלאפען. געווען איז דאס נאר אין די ערשטע חדשים פון יאהר און ס'איז געווען גאנץ קאלט אויף יענע הויך־לענדער. דא און דארט אויף די פלאכע שטרעקעס איז געלעגען שנעע, אלע בערג זיינען אינגאנצען געווען איינגעוויקעלט אין ווייסען, און ביינאכט פלעגט פון זיי בלאזען דער אומ'ברחמנות'דיגסטער, עסענדיגסטער ווינט. אין אזא לאנד האט מען לאנג ניט געקענט פארווייילען. און, פארגעס ניט, עדעלער לעזער, אז דער טרעמפ פארט פארביי אזא לאנד אהן אן אפדאך, אהן געלט, בעטעלט דעם גאנצען וועג און שלאפט ביי נאכט אהן קאלדרעס. דאס לעצטע קען מען נאר באגרייפען דורך ערפארונג.

ארום אווענט־צייט בין איך אנגעקומען צום אגדענער וואקזאל. דער יוניאן־פאסיפישער צוג, א מזרח־צוג, האט זיך געגרייט אבגעהן פון דער סטאנציע און איך האב געוואלט מיטפארען.

לויף איך אזוי אין דער פינסטערניש איבער דעם רעלסען־פלאנטער. לויף פאראויס און פארביי דעם לאקאמאטיוו, איך גיב א קוק, עפעס א פיגור שלייכט זיך אין דער פינסטערניש. דאס איז געווען דער שוועד. כאפען מיר זיך ארום ווי צוויי ברידער, וואס האבען זיך שוין א לאנגע צייט פארלארען, און מיר ענטדעקען, אז מיר טראגען ביידע הענטשקעס. „וואו ס'טו זיי געפאקט?" פרעג איך. „ערגעץ ביים לאקאמאטיוו" ענטפערט ער. „און וואו ס'טו דיינע געפאקט?" „דאס זיינען דעם הייצערס". זאג איך; „ער איז געווען נאכלעסיג".

דער באן ריכט זיך אויס און מיר כאפען זיך ארויף אויף א „בלינדער" פלאטפארם, און קאלט איז דארט געווען ווי אין א פסארניע. דער וועג ציהט זיך דורך א שמאלען דורכגאנג צווישען שנעע־באדעקטע בערג און מיר ציטערן און טרייסלען זיך און דער־צעהלען איינער דעם אנדערן, ווי אזוי מיר האבען דורכגעמאכט דעם וועג צווישען רענא און אגדען. מיט א נאכט פריער האב איך צוגעמאכט די אויגען נאר אויף איין שעה און דאך האב איך אויף דער „בלינדער" פלאטפארם ניט געקענט א דרימעל טאן. אויף א סטאנציע האב איך זיך אריבערגערוקט צום לאקאמאטיוו. מיר האַ־בען גענומען א „דאפעלט־פירער" (צוויי לאקאמאטיוון) כדי אונז אריבערצושלעפען דעם בארג־ארויף.

איך האב געוואוסט, אז דער פאדערשטער טייל פון ערשטען לאקאמאטיוו, ווייל ער שנייט דורך דעם ווינט, וועט זיין צו קאלט; קלייב איך אויס דעם פאדערשטען טייל פונ'ם צווייטען לאקאמאַ־טיוו, וואס ווערט באשיצט פונ'ם ווינט דורכ'ן ערשטען לאקאמאַ־טיוו. איך קריך ארויף אויף דעם שינען־רייניגער — דאס פלאץ איז דארט פארנומען. אין דער פינסטער טאפ איך אן דעם קער־פער פון א יונג אינגעל, וואס שלאפט ווי א הרג. פלאץ איז דארט גראד געווען פאר צוויי. קאטשע איך איבער דעם אינגעל און קאַ־ראפקע זיך צו איהם צו. דאס איז געווען א „גוטע" נאכט; קיין סיגנאליסטען טשעפען אונז ניט, אין א מינוט ארום ווער איך אנשלאפען. אמאל פלעגען מיך די הייסע קוילען־פונקען אויפווע־

קען, נאר איך פלעג זיך נעהענטער צו רוקען צום אינגעל און איינ־
שלאפען אונטער'ן קלאנג פון דעם לאקאמאטיוו'ס הוסטען און פון
דער רעדער־סקריפעריי.

דער צוג איז געגאנגען ביז איוואנסטאן, וויאמינג, ניט וויי־
טער. עפעס א סבה האט זיך געטראפען מיט'ן ערשטען צוג און
מיר האבען ווייטער ניט געקענט פארען. מען האט געפונען דעם
טויטען קערפער פונ'ם מאשיניסט. דאס אליין איז שוין געווען
א באשטעטיגונג, אז מען קען ווייטער ניט פארען. א טרעמפ איז
אויך דער'הרג'עט געווארען. זיין קערפער האט מען אבער נאך
ניט נעהאט אריינגעבראכט. צורעד איך זיך מיט'ן אינגעל. ער איז
אלט געווען א יאהר דרייצען. ער איז אוועק פון זיין פאמיליע, וואס
האט געוואוינט ערגעץ אין ארעגאן, און פארען פארט ער צו זיין באַ־
בען, וואס וואוינט ערגעץ אין די מזרח־שטאטען. ער האט דערצעלט
א מעשה ווי אזוי מען האט איהם גרויזאם באהאנדעלט ביי זיך
אין דער היים; די מעשה האט געקלונגען ווי אן אמת'ע פאסירונג;
און ווידער צוליב וואס האט ער מיך געדארפט אפליגנערען. איך בין
דאך מעהר ניט געווען ווי א היימלאזער טרעמפ אויף דער אייזענ־
באן ליניע.

און אט דער אינגעל האט זיך געיאגט מיט אלע כחות. ס'איז
פאר איהם גארניט געווען קיין צו־שנעל. דער הויפט פארוואלטער
פון אט דער ליניע האט באשלאסען צו פארקערעווען די פערד.
אפשיקען דעם צוג צוריק ביז א צווייג־ליניע און דורך יענער
צווייג־ליניע אויסמיידען דעם צובראכענעם צוג און צוריק ארויף
אויף דער הויפט־ליניע, אויף יענער זייט אומגליקס־פלאץ. דער
אינגעל כאפט זיך ארויף אויפ'ן לאקאמאטיוו און זאגט, אז ער פארט
אויך צוריק, ער לאזט ניט אפ דעם צוג. דאס איז שוין געווען
צו פיעל אי פאר מיר אי פאר'ן שוועד. מיר וואלטען געמוזט גע־
ווען שלעפען זיך די גאנצע נאכט צוליעב אזעלכע צעהן־צוועלף
מייל. באשליסען מיר אפצואווארטען ביז מען וועט אפריינינגען די
רעלסען און בגיה־ביה זיך ערגעץ אביסעל אויסשלאפען.

ס׳איז אָבער ניט קיין שפּילעכעל אָנצוקומען אין אַ פרעמד שטעטעל אין מיטען דער נאַכט, אָהן אַ פּרוטה ביי דער נשמה, ווען ס׳איז קאַלט און אָפּזוכען אַ פּלאַץ, וואו איבער צו שלאָפען. דער שווער האָט ביי זיך ניט קיין פּעני. מיין גאַנצער פאַר־מעגען איז באַשטאַנען פון אַ ניקעל און צוויי דיימס. ביי עטליכע שטאָטיגע אינגלאַך האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז אַ גלאָז ביר קאָסט פינף סענט, אַז די שענקען זיינען אָפען די גאַנצע נאַכט. אָט, טאַקע פונקט, וואָס מיר דאַרפען. צוויי גלאָז ביר װעט קאָסטען צעהן סענט, אַז אויווען אַ װאַרעמער און בענקלאַך זיינען דאָך געוויס דאָ. אַזוי וועלען מיר דאַרטען שוין איבערשלאָ־פען די נאַכט. טהוען מיר זיך אַ לאָז צו זוכען אַ שענקעל, שפּאַנען גאַנץ געשמאַק, דער שנעה סקריפּעט אונטער אונזערע פיס, אַ קאַל־טער ווינט נעמט אונז דורך.

נאָר וועה ! איך האָב, ווייזט אויס, שלעכט פאַרשטאַנען די שטאָטיגע אינגלאַך. ביר האָט טאַקע געקאָסט פינף סענט אָבער נאָר אין איין שענקעל איבער׳ן גאַנצען כרך, און געטראָפען האָבען מיר גראָד אין אַן אַנדער שענק. נאָר דער שענק איז אויך גוט גע־ווען. אַ ליבער פייער האָט פרעהליך געפלאַקערט אין אויווען, ארום זיינען געשטאַנען באַקוועמע געפלאָכטענע שטולען. דער שענקער, ניט גאָר קיין ליבליכער, האָט אויף אונז אַ קוק געטאָן מיט חשד, בעת מיר זיינען אריינגעקומען. און באמת, ווי קען אַ מענש, וואָס פאַרט ארום טאָג און נאַכט, וואַלגערט זיך אין פראַכט־וואַגאָנען, סאַזשע און גליהענדע פונקען פליהען איהם גלייך אין פנים, וואָס טוהט זיך ניט איבער און שלאָפט וואו נאָר עס מאַכט זיך — ווי קען אַזאַ מענש אויסזעהן מיט לייטען גלייך ? אונזער אויסזעהן האָט אונז גלייך פאַראַטען ; נאָר וועמען אַרט דאָס ? די מטבע האָב איך, פאַר׳ן ביר קען איך באַצאָלען.

„צוויי גלאָז ביר", טוה איך אַ זאָג אַזוי גלייכגילטיג צום שענ־קער, און איך מיט׳ן שווער לעהנען זיך אַז אַזוי אויפ׳ן טיש און ס׳געהט אונז פּשוט אויס דאָס חיות צו יענע שטולען, ביים אויווען.

דער שענקער שטעלט אוועק צוויי שוימענדיגע גלעזער ביר

אויפ׳ן טיש נעבען אונז, און איך לעג אזוי אוועק גאנץ ברייטליך די צעהן סענט. איך האב זיך אפגעקוילעט! ווען איך האב באַמערקט דעם טעות אין דער פרייז, האב איך געוואלט ארויפלאזען די האנט אין קעשעני און אוועקלייגען נאך צעהן סענט. אי, וואס איך וואלט געווען געבליבען מיט איין ניקעל, א פרעמדער אין א פרעמדער שטאט? מילא, איהם וואלט איך אבער געווען באצאלט, ניש־קשה. נאר דער שענקער האט מיר אבער קיין געלעגענהייט ניט געגעבען. ווי נאר ער האט מיט׳ן אויג געכאפט דעם דיים, וואס איך האב אוועקגעלייגט, האט ער א כאפ געטאן די צוויי גלעזער. א גלאז אין יעדע האנט, און זיי אויסגעגאסען אין א שעפעל, וואס איז געשטאנען אונטער׳ן שענק־טיש. ער טוהט א קוק אויף אונז בייזוויליג און זאגט:

— „איהר האט פארכעם אויף די נעזער! איהר האט פארכעם אויף די נעזער! זעהט!

ניט איך און ניט דער שוועד האבען דאס געהאט. מיר האבען געהאט געזונטע נעזער. דעם פראסטען פשט פון אט די ווערטער האבען מיר באין אופן ניט פארשטאנען, נאר זייער מיין איז געווען קלאר ווי דער טאג: אונזער אויסזעהן איז איהם א פנים געווען ניט צום הארצען, און דאס ביר האט, ווייזט אויס, געקאסט צעהן סענט א גלאז.

שטעק איך אריין די האנט אין קעשעני, נעם ארויס נאך א צעהנסענט־שטיק, לעג דאס אוועק אויפ׳ן טיש און זאג: „אה, איך האב געמיינט, מיר זיינען אריין אין א פינף־סענטיגען שענקעל“.

— „דא געהט ניט אייער געלט, — ענטפערט ער און רוקט צו מיר צו די צוויי דיימס.

טרויעריג לאז איך ארונטער דאס געלט צו זיך אין קעשעני, און ס׳האט אונז אנגעפאנגען אזוי נאגענד צו ציהען צום אויוועז מיט די געפלאכטענע שטולען. און אזוי, פול מיט צער, האבען מיר געעפענט די טיר און ארויס אין דער פראסטיגער נאכט.

נאר, ווען מיר זיינען שוין געשטאנען אין דער אפענער טיר, האט דער שענקער, נאך אלץ גלאנצענדיג אויף אונז זיינע אויגען,

אונז נאכגעשריען: „איהר האט פארכעם אויף די נעזער, איהר פארשטעהט!“

איך האב פון יענער צייט אן, געזעהען עפעס א וועלט, גע־וואנדערט אין פרעמדע לענדער צווישען פרעמדע פעלקער, זיך אנ־געלייענט מיט היבשע עטליכע ביכער, געהערט א סך לעקציעס; נאר עד היום, הגם, איך האב לאנג און פיעל געקלערט וועגען דעם, האב איך נאך נים אנטדעקט די באדייטונג פון דעם פארשטעלטען אויסדרוק פון יענעם שענקער אין איוואנסטאן, וויאמינג. אונזע־רע נעזער זיינען באמת געווען געזונטע נעזער.

יענע נאכט זיינען מיר געשלאפען אויף א קעסעל אין א סטאנ־ציע פון עלעקטרישער באלייכטונג. ווי אזוי מיר האבען אנטדעקט אט דאס פלאץ צו „בירען“ קען איך שוין איצט נים נעדיינקען. מיר האבען זיך, ווייזט אויס, דערצו צוגעשלאגען אינסטינקטיוו פונקט ווי די פערד צום וואסער אדער די פאסט־טויב צוריק א היים. נאר א נאכט איז דאס געווען, אז איכ'ל זי אויביג נים פארגעסען. אריבער א צענדלינג טרעמפס זיינען געקומען פאר אונז און האבען זיך אויסגעלייגט אויף די קעסלען, און ס'איז געווען צו הייס פאר אונז אלעמען. דערצו האט דער מאשיניסט אונז נים געלאזט אראפגעהן אונטען צו שטעהן דארט אביסעל. ער האט אונז גע־געבען די ברירה: אדער שלאפען אויף די קעסלען, אדער אינגאנ־צען ארויסגעהן.

— איהר ווילט, זאגט ער, שלאפען, נו, צו־ן אלדי רוחות, שלאפט, — זאגט ער מיר, בעת איך בין שיער משוגע פון היץ. אראפגעגאנגען אביסעל אונטען, אין דעם הייץ־צימער.

— וואסער, — האב איך אחן א אטעם אויסגעשאסען, — וואסער!

ציינט ער מיר אן מיט'ן פינגער צו דער טיר און זאגט מיר. אז ערגעץ אין דער שווארצער פינסטערניש איז דא א טייך. לאז איך זיך צום טייך, פארבלאנדזע, פאל אריין צוויי אדער דריי מאל אין גריבער און גיב אויף דעם גאנצען עסק. א דורכגעפרוירענער קום איך צוריק צו די קעסלען. איך ווארעם זיך אביסעל אן, און

עס פאנגט מיך אן נאך ערגער צו דורשטען. די טרעמפס ארום מיר קרעכצען, זיפצען, כליפען, שלוכצען, סאפען און פרייכען. קאטשען זיך אוןווארפען זיך, צאפלען זיך אין זייערע גהינום־יסורים. א היבשע ביסעל זינדיגע נשמות האבען זיך דא געבראטען אויף א סקאווראדע אין גהינום און דער מאשיניסט, ווי ער וואלט געווען דער אשמדאי אליין, האט אונז געגעבען די ברירה: אדער ארויסגעהן און פרירען אדער זיך בראטען. זעצט זיך דער שוועד אויף און פאנגט אן צו שעלטען מיט טויטע קללות דעם וואנדערלוסט, וואס זיצט אין איהם און, צוליב וועמען ער איז געווארען א טרעמפ און לײדט אזעלכע צרות.

„קום איך נאר צוריק קיין שיקאגא“, פארענדיגט ער זיין מליצה׳דיגע רעדע, „זוך איך זיך אפ א שטעלע און האלט זיך ביי איהר ביז דער גהינום וועט פארפרוירען ווערען, דעמאלט ערשט ווער איך נאכאמאל א טרעמפ“.

די איראניע פונ׳ם מענשענס מזל האט קיין גרענעץ ניט. אויף צווייטען טאג, ווען מען האט אפגערייניגט די רעלסען, בין איך מיט׳ן שוועד ארויסגעפארען פון איוואנסטאן אין די אייז־קאסטען־וואגאנעם פון דעם „אראנדזש־עקסטרא“, א שנעלער פראכט־צוג, אנגעלאדען מיט פרוכט פון דער זוניגער קאליפארניע. פארשטעהט זיך די אייז־קאסטענס זיינען געווען ליידיג, ווייל ס׳איז געווען זעהר קאלט סיי ווי, נאר דערפון אליין איז אונז ניט ווארעמער געווארען. אריין אין די קאסטענס זיינען מיר דורך די דאך־דעקלאך פון די וואגאנעס; אט די אייז קאסטענס זיינען אינוויינינג געווען ארומגעקלאפט מיט גאלוואניזירטע אייזען און אין אזא ביטערער קעלט האט מען פשוט זיך ניט געקענט צו זיי צורירען. ליגען מיר דארט און ציטערן און טרייסלען זיך, קלאפען א צאן אן א צאן און עצה׳ן זיך. עס בלייבט ביי אונז, אז מיר מוזען אזוי ליגען אין אט די קאסטענס און רק פארען ביי טאג און ביי נאכט, ביז מיר׳ן זיך ארויסרייסען פון אט דעם אומפריינדליכען בערגיגען געגענד און צוקומען צו דעם מיסיסיפי־טאל.

עסען אבער מוז מען. באשליסען מיר, אז ביי דער ערשטער

פארצווייגונגס־סטאנציע נעמען מיר די פיס אויף די פלייצעס און לאזען זיך ארויס אפזוכען עפעס שפייז מיט'ן געדאנק טאקע באלד זיך צואיילען צוריק אין די אייז־קאסטענס. הכלל, מיר קומען צו צו דער שטאט גרין ריווער שפעט נאכמי־טאג, אבער נאך צו פריה צו וועטשערע. די ערגסטע צייט אנצוקלאפען אין א הינטער־טיר איז די צייט פון פאר'ן עסען; נאר מיר האבען זיך אנגענומען מיט מוטה, אראפגעטאנצט פון די וואגאן־לייטערלאך בעת דער צוג איז צוגעקומען צום וואקזאל און מיר האבען זיך א לאז געטאן איבער די הייזער. באלד האבען מיר זיך צושייט; נאר מיר אבער פריער אויסגענומען זיך צוזא־מענקומען אין די אייז־קאסטענס. אין אנפאנג איז מיר געגאנגען שלים־שלים־מזל; נאר סוף כל סוף האב איך זיך אומגעקערט צום צוג מיט א פאר „נתינות" אין בוזים. דער צוג האט שוין גע־האלטען אין אפגעהן און איז שנעל א פאר געטאן. דער קיל־וואגאן וואו מיר האבען זיך געדארפט באגעגענען איז שוין געהאט פאר־ביינעגאנגען, כאפ איך זיך ארויף אויף א זייטיג לייטערל מיט א פינף וואגאנעס נידעריגער, קריך שנעל ארויף אויפ'ן דאך און לאז זיך ארונטער אין א אייז־קאסטען.

נאר א סיגנאליסט האט מיך באמערקט פון זיין וואגאן, און ביי דער צווייטער סטאנציע, עטליכע מייל ווייטער, ביי ראק ספרינגס, שטעקט דער סיגנאליסט אריין זיין קאפ אין מיין קאס־טען און טוט א זאג: „מיט'ן קאפ אין דר'ערד, דו זשאבע בן זשאבע! אין דר'ערד מיט'ן קאפ". און ער כאפט מיך טאקע אן ביי די פיאטעס און שלעפט מיך ארויס. און איך בין טאקע געגאנגען מיט'ן קאפ אין דר.ערד און דער אראנדזש־ עקסטרא צוג מיט'ן שוועד האבען זיך אהן מיר אוועקגעקאטשעט.

עס האט אנגעהויבען פאלען א שנעע. א קאלטע נאכט רוקט זיך אן. ס'ווערט פינסטער, און איך זוך אפ דארט ביים וואקזאל א ליידיגען קיל־וואגאן. איך קריך אריין — אבער ניט אין די אייז־קאסטענס נאר טאקע אין וואגאן גופא. איך פארמאך די שווערע טירען שטילנע, און וויל זייערע ברעגען זיינען באקלאפט

מיט פאסען גומי. האבען זיי קיין לופטעלע אפילו אין וואגאן ניט דורכגעלאזט. די קעלט פון דרויסען האט שוין ניט געקענט אריין. נאר אינווייניג איז געווען פונקט אזוי קאלט ווי אין דרויסען. די פראבלעם איז געווען: ווי אזוי מאכט מען דא ווארעם? נאר פאר־לאזט זיך שוין אויף א פראפעסיאנעלען טרעמפ. איך שלעפ ארויס פון מיין קעשענע א דריי־פיר צייטונגען, צולייג א פייער אויף דער פאדלאגע און ברען אויס א צייטונג נאך א צייטונג. דער רויך הויבט זיך אויף צו דער סטעלי. אפילו א טראפעלע ווארעמקייט האט ניט געקענט ארויס פונ'ם וואגאן און איך האב פארבראכט א ליעבע נאכט, באקוועם און ווארעם. איך האב זיך אפילו איין מאל ניט אויפגעכאפט.

אין דער פריה האט נאך אלץ געשנעעט. איך האב ווידער אנגעוואוירען א מזרח־צוג, בעת איך בין אוועק איבער די הייזער צו זוכען עפעס איבערבייסען. שפעטער אביסעל האב איך זיך ארויפגעכאפט אויף צוויי אנדערע צוגען, נאר פון ביידע האט מען מיך ארונטערגעשליידערט. דעם גאנצען נאכמיטאג איז קיין איין מזרח־צוג ניט פארבייגעגאנגען. דער שנעע איז אלץ געפאלען גע־דיכטער און געדיכטער, נאר ווען ס'איז טונקעל געווארען האב איך זיך ארויפגעכאפט אויף דער ערשטער „בלינדער" פלאטפארם פון א פאסאזשיר צוג. איך טאנץ ארויף אויף דער פלאטפארם פון איין זייט און נאך עמיצער כאפט זיך ארויף פון דער צווייטער זייט. דאס איז געווען דער בחור'ל, וואס איז אוועק פון ארעגאן.

די ערשטע בלינדע פלאטפארם פון א שנעלען צוג, וואס לויפט אין א שנעע־שטורם איז ניט קיין זומערדיגער פיק־ניק. דער ווינט נעמט אייך דורך און דורך, שמייסט אייך אין פנים און אויף אלע זייטען. ביי ערשטער סטאנציע טו איך זיך א לאז פאראויס דורכ־צושמועס'ן זיך מיט'ן הייצער. איך לעג איהם פאר אונטערוווארפען קוילען ביז'ן סוף פון זיין רייזע, ביז ראלינס, און ער שטימט איין. מיין ארבייט איז געווען צו שטעהן אויפ'ן קוילען־וואגאן אינ'ם שנעע, צוברעכען מיט א גרויסען האמער די גרויסע שטיקער קוילען און זיי צושארען צו זיין פארמאכטען

וואַגאָן. נאָר איך האָב ניט געדאַרפט אַרבייטען נאָכאַנאַנד די גאַנ־צע צייט. פון צייט צו צייט האָב איך געקענט אַריינגעהן אין׳ם פאַרמאַכטען וואַגאָן און זיך אַביסעל אָנוואַרעמען.

„הער נאַר". זאָג איך צום הייצער, בעת איך בין צום ערש־טען מאָל אַריין אַביסעל אָפּכאַפּען דעם אָטעם, „אויף דער ערשטער פּלאַטפאָרם פאַרט עפּעס אַ קליינער יאַט. ער מוז מסתמא גוט פרירען".

די הייץ־וואַגאָנעס אויף דער יוניאָן־פּאַסיפישער אייזענבאַן ליניע זיינען גאַנץ גראָס. מיר נעמען אַריין דעם יאַט און לייגען איהם אַוועק אויף אַ וואַרעם פּלאַץ, פּונקט אַנטקעגען דעם הייצער׳ס שטול, און ער ווערט באַלד אַנשלאָפען. קיין ראַהלינס זיינען מיר אָנגעקומען פּונקט האַלבע נאַכט. דער שנעע איז געווען אַ מסוכנ׳־ער. דאָ האָט מען דעם לאָקאָמאָטיוו געדאַרפט אַריינפיהרען אין דער לאָקאָמאָטיוו־געביידע און צום צוג אָנגעטשעפּען אַן אַנדערן. בעת דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, טאַנץ איך אַראָפּ פון׳ם וואַגאָן און פאַל גלייך אַריין אין די הענט פון אַ גרויסען מענשען איינגע־וויקעלט אין אַ גרויסען פּאַלטאָ. ער פאַנגט מיך אָן צו פרעגען פאַרשידענע שאלות, נאָר איך פאָדער אויפ׳ן שטעל, ער זאָל מיר פריער זאָגען ווער ער איז. פּוילט ער זיך ניט און ערקלערט, אַז ער איז דער שעריף*) ווער איך באַלד ווייך ווי טייג, און האָרך און ענטפער.

ער פאַנגט מיר אָן צו באַשרייבען דעם יאַט, וואָס איז נאָך נעשלאָפען דאָרט אין וואַגאָן. איך האָב לאַנג ניט געקלערט. ווייזט אויס, אַז די פאַמיליע זוכט אָט דעם יאַט, און דער שעריף האָט טעלעגראַפיש געקראָגען אַ פאַראָרדנונג פון אָגדען. „יאָ", זאָג איך, „איך האָב געזעהען דעם בחור׳ל. איך האָב איהם באַגעגענט טאַקע אין אָגדען, מיין דאַטום האָט אקוראַט געשטימט מיט דעם שעריף׳ס אינפאָרמאַציע. נאָר דער יאַט איז ערגעץ איבערגעבליבען הינטען, האָב איך איהם ערקלערט, ווייל מען האָט איהם אַראָפּגעוואָרפען

*) אַ מין אָרדנער אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען.

טאקע פון אט דעם זעלביגען פאסאזשיר צוג, בעת ער איז ארויס פון ראק ספרינגס, און בעת מעשה טו איך תפילה, אז דער חברה־מאן זאל זיך ניט אויפכאפען און ארונטערגעהן פונ'ם וואגאן און ציינען וועך איך בין.

לאזט מיך דער שעריף אב און געהט צו די סיגנאליסטען מיט זיי א רעד טאן. נאר איידער ער האט זיך אפגעווענדט פון מיר טוט ער א זאג:

„טרעמפנעיו. דאס שטעטעל איז פאר דיר ניט קיין פלאץ. פארשטעהסט? פאר ארויס מיט אט דעם צוג און מאך קיין טעות ניט. כאפ איך דיך נאכדעם ווי דער צוג געהט אפ...“

פארזיכער איך איהם, אז איך בין אין זיין שטעטעל ניט ווייל איך האב געוואלט דא זיין; אז די אורזאכע, וואס איך בין דא, איז דער צוג, וועלכער האט זיך דא אפגעשטעלט; און אז ער וועט אפילו ניט זעהען מיין פארע אזוי וועל איך ארויס פון זיין פארשאלטען שטעטעל.

ער געהט אוועק צו די סיגנאליסטען און איך טאנץ אריין צוריק אין וואגאן. דער יאט האט זיך אויפגעכאפט און רייבט זיך די אויגען. דערצעהל איך איהם די נייס און עצה איהם, ער זאל מיט'ן לאקאמאטיוו צופארען דארט צו דער געביידע. קורץ און גוט דער בחור'ל איז ארויסגעפארען מיט'ן זעלביגען פאסאזשיר צוג, נאר געפארען איז ער אויף סאמע פעדערשטען טייל פונ'ם לאקאמאטיוו. אנגעזאגט האב איך איהם, אז ביי דער ערשטער סטאנציע זאל ער זיך איינבעטען ביים הייצער, אז יענער זאל איהם אריינלאזען צו זיך, נעבען קעסעל. מיך אליין האט מען פון דעם צוג ארונטערגעווארפען. דער נייער הייצער איז נאך געווען יונג און האט נאך מורא געהאט צו איבערטרעטען די פאראָרדנונגען פון דער קאמפאניע ניט ארויפלאזען קיין טרעמפס אויפ'ן לאקאמא־טיוו; ער האט דערפאר צוריקגעוויזען מיין אנבאט צו קלאפען און שארען קוילען פאר איהם. הלואי וואלט כאטש דער יאט מעהר הצלחה געהאט ביי איהם, ווייל פארען א גאנצע נאכט אויפ'ן פע־

דערשטען טייל פונ'ם לאקאמאטיוו אין אזא זאווערוכע איז א זיכערער טויט.

א מאדנע זאך דאס איז, איצט געדיינק איך שוין ניט אפילו די מינדסטע איינצעלהייט ווי אזוי מען האט מיך ארונטערגעווארפען נעבען ראלינס. איך געדיינק נאר, ווי איך האב געקוקט אויפ'ן צוג בעת ער איז פארשלונגען געווארען אין דער זאווערוכע און ווי איך האב זיך אוועקגעלאזט אין א שענק זיך אביסעל דערווארעמען. דא איז געווען ליכטיג און ווארעם. אלעס האט מען געמעגט. עס זיינען געשטאנען א סך קליינע טישלאך. וואו מען האט געשפילט פויקער פרעה, רולעטקע, חברה פאסטוכער האבען פרעהלאך געמאכט דעם עולם מיט זייערע שטיק. מיר האט זיך נאר וואס איינגעגעבען צו ווערען א גוטער ברודער מיט זיי, איך האב שוין געהאלטען אין „ארייגגולגען" דעם ערשטען לחיים אויף זייער רעכנונג. פלוצלונג לאזט זיך אראפ א שווערע האנט אויף מיין אקסעל. איך קוק זיך אום און טו א זיפץ, דאס איז געווען דער שעריף.

ער רעט ניט אוים קיין איין ווארט אפילו, און פירט מיך ארויס אינ'ם שנעה.

„ביים וואקזאל שטעהט אן אראנדזשען עקסטרא־צוג", זאגט ער.

„ס'איז א פארדאמט־קאלטע נאכט", זאג איך.

„דער צוג פארט אפ אין צעהן מינוטען ארום", זאגט ער.

מעהר א ווארט ניט. אהן דערבאטען. און ווען יענער אראנ־דזשען עקסטרא־צוג איז ארויסגעפארען בין איך דארט געזעסען אין די אייז־קאסטענס. איך האב געמיינט, מיינע פיס וועלען מיר אפפרירען יענע נאכט, און די לעצטע צוואנציג מייל פון אט דער רייזע בין איך געשטאנען אויף די פיס, געגענאיבער דעם דאך־טיר'ל און געהאלטען אין איין טאנצען. דער שנעע איז געווען צו געדיכט, און די סיגנאליסטען האבען מיך ניט געקענט איינ־זעהן, מיך האט אפילו ניט געארט, זיי זאלען מיך יא זעהען.

מיין קוואדער מזומן געלט האט מיר געקלעקט אויף א הייסען

איבערבייסען אין לאראמיע, און טאקע באלד דארויף האב איך זיך ארויפגעכאפט אויף דער בלינדער פלאטפארם פון א פאסאזשיר־צוג וואס האט דורכגעשניטען דעם סאמע רוקען פון די פעלזען־בערג. ביי טאג קען מען ניט פארען אויף קיין בלינדער פלאט־פארם; נאר אין אזא זאווערוכע, אויף'ן סאמע שפיץ פון די פעלזען־בערג, האב איך געצווייפעלט צו די סיגנאליסטען וועלען האבען דאס הארץ מיך אראפצואווארפען. און זיי האבען מיך טאקע ניט אראפגעווארפען. ביי יעדער סטאנציע פלעגען זיי צו־קומען צו דער פלאטפארם א קוק טאן צו בין איך שוין פארפרוירען געווארען.

ביי דער סטאנציע איים'ס מאנומענט אויף'ן סאמע שפיץ פון די פעלזען־בערג — איך געדיינק שוין ניט ווי הויך דאס איז גע־ווען — נעהט צו מיר צו א סיגנאליסט און זאגט:

„זאג נאר, טרעמפעניו, זעהסט אט א יענעם פראכט צוג, וואס שטעהט דארטען אויף א זייטיגער ליניע, כדי דורכצולאזען אונזער צוג?

איך האב דעם צוג געזעהען. ער איז געשטאנען אויף דער צווייטער ליניע, א זעקס פוס פון אונז. עטוואס ווייטער אין אזא זאווערוכע וואלט איך איהם טאקע ניט געקענט זעהען.

„אין איינעם פון יענע וואגאנען פארט דער „נאך־שלעפ" פון קעלל'י'ס ארמיי. דער וואגאן איז אויסגעשפרייט מיט שטרוי צוויי פוס דיק, און עס זיינען דארטען דא אזוי פיל חברה, אז ס'איז אין וואגאן א מחיה ווארעם."

זיין עצה איז געווען א גוטע, און איך האב איהם טאקע געפאלגט. נאר פונדעסטוועגען האב איך זיך צוגעגרייט, איך זאל קענען ארויפטאנצען אויף דער בלינדער פלאטפארם פונ'ם פאסא־זשיר־צוג, אין פאל דאס איז מעהר ניט ווי א שפיצעל פון די קאנדוק־טארען. נאר דאס איז טאקע געווען דער ריינער אמת. איך האב אפגעזוכט דעם וואגאן מיט איין טיר צום ווינט צו אויפגעפראלט צוליב פרישער לופט. איך קלעטער ארויף און בין שוין אינוויינינג. איך טרעט ארויף אויף א מענשענס פוס, אויף עמיצענס א האנט.

אין וואַגאָן איז געווען זעהר טונקעל און איך האָב קיין אנדער זאַך ניט געקענט זעהן א חוץ דעם פּלאַנטער פון הענט און פיס. ס׳איז נאָך קיינמאָל אזא מענשליכער פּלאָנטער ניט געווען. אלע זיינען געלעגען אויף דער שטרוי, איינער אויפ׳ן אנדערן, איינער אונטערן אנדערן אויף אלע זייטען. פיר־און־אכציג געזונטע טרעמפּס, אז זיי ציען זיך אוים פארנעמען זיי א גאנץ נישקשה׳דיגען פלאַץ. די וועמען איך האָב אָנגעטראָטען זיינען געווען אומצופרידען. זיי האָבען זיך אנגעהויבען צו וואַרפען ווי די כוואַליעס פונ׳ם ים, און מיין קערפּער האָט אליין, ניט ווילענדיג, זיך צוהוידעט. ס׳איז אפילו ניט געווען קיין פלאַץ וואו א שפּילקע אוועקצולייגען. פאַר־שטעהט זיך אז פון איין מענשען בין איך ארויף אויף אַן אַנדערן. די אומצופרידענהייט איז גרעסער געוואָרען, און איך האָב זיך נאָך שטאַרקער צוהוידעט. אזוי לאַנג אזוי ברייט ביז איך בין פון גרוים אימפּעט גאַר געבליבען זיצען. אומגליקליכערווייזע האָב איך זיך ארויפגעזעצט אויף א קאָפּ פון א מענשען. אין א רגע ארום הויבט זיך דער מענש אויף די הענט און אויף די קניע מיט א מין כעס, און איך פלי שוין אין דער לופטען. נאָר וואָס ס׳געהט ארויף, מוז צוריק אראָפּפאַלען, און איך בין אראָפּגעפאַלען אויפ׳ן קאָפּ פון אַן אנדער מענשען.

וואָס איז געווען נאָכדעם איז ווינציג וואָס פאַרבליבען אין מיין זכרון. ס׳איז געווען ווי דורכצוגעהן דורך א דרעש־מאַשין. מען האָט מיך אזוי ארומגעוואָרפען פון איין עק וואַגאָן ביז׳ן צווייטען. יענע פיר און אכציג טרעמפּס האָבען מיך איבערגע־טאַפּט ביז דאָס ביסעל, וואָס ס׳איז געבליבען פון מיר, דורך א נס פּשוט, האָט אפּגעזוכט אביסעל שטרוי, וואו זיך אביסעל אויס־רוהען. דאָס האָט מען מיר אזוי אָבגעגעבען דעם ערשטען ברוך־הבא און אריינגענומען אין דער חברה. א פרעהליכע חברה איז דאָס געווען. יענעם גאַנצען טאָג זיינען מיר געפאָרען אין דער זאָווערובע און פון היימליכקייט וועגען האָבען מיר באַשלאָסען, אַז יעדער איינער זאָל דערצעהלען א מעשה. א תנאי האָט מען אויסגענומען, אַז יעדער מעשה מוז זיין א שעהנע און אַזאַ, וואָס

קיין איינער פון אונז האט נאך ניט געהערט. די שטראף פאר א דורכפאל איז דורכצוגעהן דורך דער דרעש־מאשין. קיינער איז ניט דורכגעפאלען, און טאקע אט דא א וויל איך זאגען, אז אין מיין לעבען בין איך קיינמאל ניט געזעסען ביי אזא וואונדערבא־רער הוליאנקע פון שעהנע מעשיות. דא זיינען געווען פיר־און־אכציג מענשען פון אלע עקען פון דער וועלט — איך בין געווען דער פינף־און־אכציגטער; און יעדער איינער האט דערצעהלט א מייס־טערווערק. ס'האט געמוזט אזוי זיין, ווייל אניט איז דאך געווען די „דרעש־מאשין".

שפעט נאכמיטאג זיינען מיר אנגעקומען קיין טשעיען. די זאווערוכע איז געווען א מסוכנע. קיינער פון אונז האט פון איין־דער־פריה אין מויל ניט געהאט, פונדעסטוועגען האבען מיר ניט געוואגט זיך ארויסלאזען איבער די הייזער. די גאנצע נאכט האבען מיר זיך אזוי געקאטשעט דורכ'ן שטורם, אויפ'ן צווייטען טאג האבען מיר זיך שוין אראפגעלאזט איבער די זיסע לאנקעס פון נעבראסקא און אלץ געפארען. מיר האבען שוין איבערגע־פטר'ט די זאווערוכע מיט די בערג. די ליעבע זון האט געשיינט איבער א שמייכלענדיג לאנד און מיר האבען שוין צוויי מעת־לעת אין מויל ניט געהאט. מיר האבען זיך דערוואוסט, אז אונ־זער פראכט־צוג וועט ארום מיטאג־צייט אנקומען אין א שטעטעל, אויב איך האב קיין טעות נישט, האט דאס שטעטעל געהייסען גרענד־איילאנד.

לעגען מיר זיך צוזאמען און שיקען אוועק א טעלעגראמע צו די שטאט־טאטעס פון יענעם שטעטעל. דער טעקסט פון אט דער טעלעגראמע איז געווען אזוי: אזוי ווי פינף־און־אכציג געזונטע, הונגעריגע טרעמפס וועלען ארום מיטאג־צייט אנקומען אין שטע־טעל, וואלט אפשר געווען א פלאן, אז מען זאל פאר זיי צוגרייטען א מאלצייט. די שטאט־טאטעס פון גרענד איילענד האבען געהאט צוויי ברירות. זיי האבען אונז געקענט אנהאדעווען אדער אונז אריינוואַרפען אין טורמע. אין לעצטען פאל, וואלטען זיי אונז

סיי ווי געדאַרפט געווען שפּייזען און, ווי חכמים, האָבען זיי באַ־שלאָסען, אז איין מאַלצייט וועט זיי קאָסטען ביליגער.

ווען דער פּראַכט־צוג האָט זיך אריינגעקאַטשעט ארום מיטאָג־צייט קיין גרענד־איילענד זיינען מיר אלע געזעסען אויף די דעכער פון די וואַגאָנעס און געבאַמבעלט מיט אונזערע פיס אויף דער זון. די גאַנצע פּאָליציי פון'ם ברך איז געקומען אונז מקבל פנים זיין. מען שטעלט אונז אויס אין גאַנצע ראָטעס און מען מאַרשירט מיט אונז צו פאַרשיידענע האָטעלען רעסטאָראַנען, וואו ס'איז פאַר אונז געווען צוגעגרייט א מאַלצייט כיד המלך. זעקס און דרייסיג שעה האָבען מיר געהונגערט, און, פאַרשטעהט זיך, מען האָט אונז ניט געדאַרפט לערנען וואס צו טאָן. נאָכ'ן עסען האָט מען אונז צוריק א קאָמאַנדעווע געטאָן צום וואָקזאַל. די פּאָליציי האָט בפירוש טאַקע געצוואונגען דעם פּראַכט־צוג אויף אונז צו וואַרטען. פּאַמעלאַך האָט דער צוג זיך א ריהר געטאָן, און אונזערע פינף־און־אכציג חברה האָבען זיך אויסגעשטעלט ביי די רעלסען און אַרויפגעטאַנצט דורך די זייטיגע לייטערלאַך אויף די וואַגאָנעס. מיר האָבען פאַרכאַפּט דעם צוג.

יענעם אָוועגט האָבען מיר שוין קיין וועטשערע ניט געגעסען. אַמווינציגסטענס דער „נאַך־שלעפּ", איך האָב אבער יאָ געגעסען. פּונקט וועטשערע צייט, ווען דער פּראַכט־צוג האָט געהאַלטען ביים אָפּפאָרען פון עפּעס א קליין שטעטעל, קריכט אריין א מענש אינ'ם וואַגאָן, וואו איך האָב געשפּילט אין קאָרטען מיט נאָך דריי טרעמפּס. דעם בחור'ס העמד איז עפּעס געווען מאָדנע אויפגעבלאָזען. אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטען עפּעס א שטשערבאַטע קוואָרט, פון וועלכער ס'האָט זיך געהייבען א דאַמף. איך דערשמעק „יאַווא". איך גיב איבער מיינע קאָרטען א חברה־מאַן, וואָס האָט געקוקט אויף אונזער שפּיל, און בעט אום אַנטשולדיגונג. איך זעץ זיך אוועק ער־געץ אין ווינקעלע פון'ם וואַגאָן מיט דעם מענשען, וואָס איז נאָר וואָס אריינגעקראָכען און מיר טיילען זיך חלק כחלק מיט דער „יאַווא" און מיט די „נתינות", וועלכע האָבען אַזוי אויפגעבלאָזען זיין העמד.

חברה קוקען צו און זיינען מיר מקנא. אט דער מענש איז געווען דער שוועד.

ארום צעהן א זייגער ביי נאכט קומען מיר אן קיין אמאהא.

„לאמיר ,אויסשאקלען' דעם ,שלעפ' ", זאגט צו מיר דער שוועד.

„געווים", זאג איך.

בעת דער פראכט־צוג פארט צו צום אמאהא'ר וואקזאל, גרייטען מיר זיך צו אזוי צו טאן. נאר די איינוואוינער פון אמאהא זיינען אויך געווען גרייט. איך און דער שוועד האבען זיך אנגעהאנגען אן די וואגאן־לייטערלאך, גרייט אראפצוטאנצען. נאר דער פראכט־צוג האט זיך ניט אפגעשטעלט. נאך מעהר, די גאנצע פאליציי פון שטאט, מיט בלישצענדע קנעפ און מיט די גרויסע מעשענע שטערען גלאנצענדיג אין דער עלעקטרישער שיין, האט זיך אויסגעשטעלט אין לאנגע רייהען אויףביידע זייטען פון די רעלסען. איך מיט'ן שוועד האבען גוט געוואוסט, וואס מיט אונז וועט זיין, ווען מיר לאזען זיך אראפ גלייך צו זיי אין די ארעמס. האלטען מיר זיך שוין אזוי אויף די לייטערלאך, און דער צוג קאטשעט זיך פארביי און איבער'ן טייך מיזורי צו דער סטאנציע קאונסיל בלאפס.

„גענעראל" קעללי, מיט אן ארמיי פון צוויי טויזענט טרעמפס זיינען געווען אין לאגער נעבען טשאטאקווא פארק, עטליכע מייל ווייטער. דער „נאך־שלעפ" מיט וועלכען מיר זיינען געפארען זיי־נען געווען „גענעראל" קעללי'ס הינטער־וואך, און נעבען קאונסיל־בלאפס זיינען מיר אראפ פונ'ם צוג און אוועקגעמארשירט צום לא־גער. ביי נאכט איז צוגעפאלען א קעלט מיט א ווינט, באגלייט פון א רעגען און מיר זיינען איבערגעפרוירען און נאס געווארען. אסך פאליציי־לייט האבען אונז געהיט און אלץ געטריבען צום לאגער. איך מיט'ן שוועד האבען געזוכט א געלעגענהייט און זיינען מיט מזל אוועק.

דער רעגען האט אנגעפאנגען צו פליוכען. מיר האבען אפילו ניט געקענט זעהן אונזערע הענט פאראויס, אזוי פינסטער איז געווען. טאפען מיר אזוי די פינסטערניש ווי א פאר בלינדע און זוכען ער־גער אן אפדאך. אונזער אינסטיקט איז דא ווידער געווען אונזער

גואל, ווייל איידער וואָס־ווען קומען מיר צו צו אַ שענקל — ניט צו אַ אָפענעם שענקל, וואָס מאַכט געשעפטען, ניט צו אַ שענקל, וואָס איז צוגעשלאָסען איבער נאַכט, און אַפילו ניט קיין שענק מיט אַ שטענדיגען אדרעס, נאָר עפּעס אַ צונויפגעשלאָגענער אויף גרויסע באַלקענס, מיט קיילעכדיגע שפּאַלטען אונטען, וועלכען מען פלעגט ארומשלעפּען פון איין אָרט אויפ׳ן צווייטען. די טירען זיינען געווען צוגעשלאָסען. אַ פלוצלונגער שטראָם פון ווינט און רעגען האָט אונז אַ קלאַפּ געטאָן. מיר האָבען זיך אויף אַ רגע ניט פאַרקלערט. מיר האָבען צעבראָכען די טיר און אריין.

אין מיין טרעמפּ־לעבען בין איך ניט איינמאָל אָפּגעקומען הינטערוועגענס „געטראָגען די פּאָהן" אין די הויפּט־שטעט פון נהינום, זיך געבעט אין ריטשקעס וואַסער, געשלאָפען אין שנעה אונטער צוויי קאָלדרעס, בעת דער טערמאָמעטער האָט געציינט פינף און זיבעציג גראַד אונטער׳ן נול (דאָס איז אַ פראָסט פון קנאַפּע הונדערט און זעקס גראַד); נאָר זאָגען וויל איך אייך, אַז קיינמאָל האָב איך אַזוי ניט געליטען, קיינמאָל האָב איך ניט פאַרבראַכט אַזאַ צרה׳דיגע נאַכט, ווי יענע ווען איך מיט׳ן שוועד האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין אָט דעם וואַנדערענדען שענקל נעבען קאָונסיל־בלאָפס. ראשית, האָט די געביידע, וואָס איז געווען אויפגעקלאָפּט ווי ס׳ניט איז, געהאַט אַ מענגע לעכער אין דער פּאָדלאָגע דורך וועלכער דער ווינט האָט אריינגעפּייפט. צווייטענס, איז דער שענקטיש געווען ליידיג; ס׳איז קיין טראָפּען יי״ש ניט געווען זיך אביסעל צו דערוואַרעמען און פאַרגעסען דערווייל אָן די צרות. מיר האָבען ניט געהאַט קיין קאָלדרעס, און אין אונזערע נאַסע בגדים, נאַס ביז׳ן ביין, האָבען מיר זיך געפּרואווט לעגען שלאָפען. איך האָב זיך ארונטערגעקאַטשעט אונטער׳ן קאָנטער, דער שוועד — אונטער׳ן טיש. די לעכער און שפּאַלטען אין דער פּאָדלאָגע האָבען אונז קיין אויג ניט געלאָזט צומאַכען. אין אַ האַלבער שעה ארום בין איך ארויפגעקראָכען אויפ׳ן קאָנטער און דער שוועד — אויף זיין טיש.

און אַזוי האָבען מיר געציטערט און געהאַפּט אויפ׳ן פריה־

מאָרגען. איך ווייס, אַז איך האָב אַזוי לאַנג געציטערט ביז איך האָב שוין מעהר ניט געקענט ציטערן, ביז די ציטער־מוסקולען זיי־נען ערשעפּט געוואָרען און האָבען פּשוט שרעקליך וועה געטאָן. דער־שוועד האָט געקרעכצט און געזיפצט און אַלע מאָל אַרויסגעברומט צווישען די קלאַפּענדע ציינער: „מעהר ניט, שוין מעהר ניט". אַט די פראַזע האָט ער געהאַלטען אין איין מורמלען, כסדר, אָהן אַן אויפהער, אפשר טויזענט מאָל. און ווען ער איז אַנדרימעלט גע־וואָרען האָט ער זי געמורמעלט פון'ם שלאָף.

ווי נאָר ס'האָט אָנגעפאַנגען שאַריען אויף טאָג, זיינען מיר אַרויס פון דעם הויז פון פּייניגונג. אין דרויסען איז געווען אַ גע־דיכטער און קאַלטער נעבעל. אַזוי האָבען מיר זיך געשלעפּט ביז מיר זיינען געקומען צו דער אייזענבאַהן ליניע. איך האָב באַשלאָ־סען צו געהן צוריק קיין אָמאַהאַ, צו זוכען עפּעס שפּייז, מיין באַ־גלייטער — אויפ'ן וועג קיין שיקאַגאָ. דער שיידונג־מאָמענט איז אָנגעקומען. אונזערע כמעט־געלעהמטע הענט האָבען זיך אַ ציה געטאָן פון איינעם צום אַנדער'ן. ביידע האָבען מיר געציטערט, מיר פּרואווען רעדען נאָר אונזערע צייהן קלאַפּען אַזוי, אַז מיר ווע־רען ווידער אַנשוויגען. אַזוי שטעהן מיר אַליין, אָפּגעשניטען פון דער גאַנצער וועלט, געזעהן האָבען מיר נאָר אַ פּאָר שטיקלאַך פון די רעלסען, וואָס זיינען אויף ביידע זייטען איינגעשלונגען געוואָרען אינ'ם נעבעל. אַזוי רוקען מיר זיך שטומערהייט צו איינער צום אַנדערן. אַ סימפּאַטישער שאָקעל מיט די הענט, מעהר גאָר ניט. דעם שוועד'ס פּנים איז געווען אַזש בלוי פון קעלט, און מן הסתם איז מיינער אויך אַזוי געווען.

„וואָס, מעהר שוין קיינמאָל ניט?" שטעל איך קוים צונויף די ווערטער.

די שפּראַך אינ'ם שוועד'ס מויל האָט זיך געבאָברעט, געוואָלט אַרויס; נאָכדעם, שוואַך און ווייט, האָט זיך אַרויסגעריסען פון דער סאַמע טיפעניש פון זיין פאַרפרוירענער נשמה, עפּעס אויף אַ דיין קול'כעל, די ווערטער:

„מעהר קיינמאָל ניט קיין טרעמפּ".

ער איז אנשוויגען געוואָרען, נאָכאמאָל אנגעפאנגען ריידען, שוין מיט א קרעפטיגערער שטימע און ווידער באשטעטיגט זיין ווילען. „מעהר שוין קיינמאָל ניט קיין טרעמפּ. איך׳ל אפּזוכען א שטעלע. דו וואָלסט אויך אזוי געדארפט טאָן. אזעלכע נעכט ברייגגען רהומאטיזם“.

ער האָט א דריק געטאָן מיין האַנט.

„זיי געזונט, טרעמפּעניו“, זאָגט ער.

„זיי געזונט, טרעמפּעניו“, ענטפער איך.

באלד האָט אונז דער נעבעל פארשלונגען. דאס איז געווען אונזער לעצטע באגעגעניש. נאָר איך וואונש דיר אלדאס גוטס, הער שוועד, וואו די ביסט דאָרט ערגעץ. איך גלויב, אז דו האָסט די שטעלע דאָרטען ערגעץ געקראָגען.



# וואנדער־יאטען און פרעהליכע קעצלאך.

איך טרעף אמאל אז אין די צייטונגען, זשורנאלען און אין ביאגראפישע ווערטערביכער, שילדערונגען פון מיין לעבען. וואו אײדעל גערעט, איך ווער געוואר, אז איך בין געווארען א טרעמפ כדי צו לערנען סאציאלאגיע. דאס אלץ איז זעהר שעהן און פיין פון די ביאגראפען, נאר ס'איז ניט פינקטליך. איך בין געווארען א טרעמפ — נו, ווייל איך האב געהאט לעבען אין זיך, ווייל דער וואנדערלוסט אין מיין בלוט האט מיך ניט געלאזט רוהען. סאציאלאגיע איז שוין געווען א ביי־זאך; דאס איז שוין געקומען נאכדעם, אקוראט, למשל, ווי מען ווערט נאס נאכדעם ווי מען טוקט זיך אונטער. איך בין ארוים אויפ'ן „וואנדער־וועג" ווייל איך האב זיך פון איהם ניט געקענט אפהאלטען, ווייל איך האב קיין געלט ניט געהאט צו באצאלען פאר א באהן־בילעט; דערפאר, וואס איך בין געווען אזא מענש, וואס האט זיך ניט געקענט האלטען דאס גאנצע לעבען ביי איין זאך; דערפאר — נו, דערפאר, וואס ס'איז געווען גרינגער צו וואנדערן ווי זיך אפהאלטען דערפון.

געשעהן איז דאס אין מיין אייגען שטעטעל, אין אוקלאנד, ווען איך בין אלט געווען זעכצען יאהר. דאמאלט שוין האב איך גע־קראגען צווישען מיין בעסטען קרייז פון אוואנטיוריסטען, א רעפו־טאציע, פון וועלכער מיין קאפ האט זיך מיר פארדרעהט. צווישען זיי בין איך געווען באקאנט אלס דער פרינץ פון די אויסטער פיראטען. ס'איז אפילו אמת, אז מענשען אויסער מיין קרייז ווי, למשל, די עהרליכע מאטראסען פון דער בוכטע, די דאק־ארבייטער, די יאכטס־לייטע און די אייגענטימער פון די אויסטערס, האבען מיך גערופען: „חוצפה'ניק", „לײדאק", „הולטאי", „גנב" און „רויבער"

און נאָך אַזעלכע מיאוסע נעמען. אַלע נעמען אָבער זיינען ביי מיר מעהר ניט געווען ווי קאָמפּלימענטען, זיי האָבען נאָך פאַרגרעסערט דאָס שווינדלען אין מיין קאָפּ פון דעם הויכען פּלאַץ, וואו זיי האָבען מיך אַוועקגעזעצט. אין יענער צייט האָב איך נאָך ניט געהאַט געלייענט דעם „פאַרלאָרענעם גן עדן", און שפּעטער, ווען איך האָב געלייענט מילטאָן'ס „בעסער צו קעניגען אין גהינום איידער צו דינען אין גן עדן", האָב איך ערשט אינגאַנצען באַגריפען, אַז גרויסע מחות געהען אין דער זעלבער ריכטונג.

אַקוראַט אין יענער צייט האָבען זיך צופעליגע געשעהענישען אַזוי צוזאַמענגעקייקעלט, אַז איך האָב געקראָגען די ערשטע געלעגנהייט ארויסצוגעהן אויפ'ן „וואַנדער וועג". ס'איז דאַמאָלט גראָד קיין אַרבייט ניט געווען ביי די אויסטערס; און אין בעניציאַ, אַ פערציג מייל ווייטער, האָב איך געהאַט עפּעס קאַלדערעס, וואָס איך האָב געוואָלט אָפּנעמען; און גראָד אין פאָרט קאָסט, עטליכע מייל פון בעניציע איז געלעגען פאַראַנקערט אַ גע'גנב'עטע שיפעל. איז אָבער אָט דאָס שיפעל געווען דאָס אייגענטום פון מיינעם אַ פריינט, דיני מעק'קריע. גע'גנב'עט האָט דאָס טאַקע אַן אַנדער פריינט מיינער, וויסקי באָב, און געלאָזט האָט ער דאָס אין פאָרט קאָסטאַ (אָרעמער וויסקי באָב! ערשט פאָראיאָהרען ווינטער האָט מען געפונען זיין קערפּער ביים ברעג ים צושאָסען ווי אַ רעשעטע, גאָט ווייסט דורך וועמען). מיט אַ צייט צוריק בין איך געווען דאָרטען ביים טייך און האָב דערצעהלט דיני מעק־קריען, וואו זיין שיפעל שטעהט; באַט מיר דיני מעק'קריע גלייך אַן צעהן דאָלאַר, איך זאָל איהם ברייגגען דאָס שיפעל קיין אָוקלאַנד.

די צייט איז געווען ביי מיר אַ ביטערע. זיץ איך אַזוי אויפ'ן ראַק און שמועס זיך דורך מכח דעם מיט ניקי דעם גריך, נאָך אַ לײדיגגעהער, אַ אויסטער פּיראַט. „לאָם מיר אַ געה טאָן", זאָג איך. ניקי איז מסכים. ער איז אויך געווען אויף „צרות"; אָהן אַ פּעני ביי דער נשמה. איך האָב מיין אייגענס געהאַט אַ פופציג סענט און אַ קליין רודער־שיפעל. נעהם איך די פופציג סענט און קויף איין

ביסקוויטס, קאָנסערווירטע פּרוכטען, דאַרע קישקע און אַ צעהן סענטיג פלעשעלע פראַנצויזישע גאַרטשיצע. (מיר האָבען זעהר ליעב געהאַט פראַנצויזישע גאַרטשיצע אין יענע צייטען). שפּעט נאָכמיטאָג האָבען מיר אַרויפגעצויגען דעם זעגעל און אַרויסגעפאָרען. די גאַנצע נאַכט זיינען מיר געפאָרען און אויפ'ן צווייטען אינדער־פריה האָט אַ פרעכטיגער ים־שטראָם מיט אַ ליעב ווינטעלע אונטער אונז, לעבעדיג און פרעהליך אונז צוגעטראָגען דורכ'ן שמאָלען וואַ־סער־פּאַס קאָרקווינעץ צו פּאָרט קאָסטאַ. אַ פינף־און־צוואַנציג פוס פונ'ם האַפען איז דאָס שיפעל געשטאַנען פאַראַנקערט. ווענדען מיר זיך אין יענער ריכטונג און לאָזען אַראָפּ דעם זעגעל. ניקין שיק איך. ער זאָל אַראָפּנעמען דעם אַנקער און אַליין גרייט איך זיך צו אַ אָנכאַפּען דאָס שיפעל און דאָס מיט שטריק צוציהען.

לויפט עמיצער אַרויס אויפ'ן ברעג און פאַנגט אָן צו שרייען. דאָס איז געווען דער קאָנסטאַבל*). איצט ערשט האָב איך זיך גע־כאַפּט, אַז איך האָב ביי דיני מעק'קריע ניט גענומען קיין אָפיציעלע ערלויבניש צו קריגען זיין שיפעל. איך האָב זיך אויך דערמאַנט, אַז דער קאָנסטאַבל וויל פינף־און־צוואַנציג דאָלאַר דערפאַר, וואָס ער האָט צוגענומען דאָס שיפעל ביי וויהיסקי באָב און דאָס געהיט די גאַנצע צייט. מיינע לעצטע פופציג סענט אָבער האָב איך אריינ־געבראַכט אויף קאָרן־ביעף און אויף פראַנצויזישע גאַרטשיצע, און פאַר'ן גאַנצען עסק קריג איך דאָך בסך הכל צעהן דאָלאַר. איך כאַפּ אַ קוק אויף ניקי'ן — ער באַברעט זיך מיט'ן אַנקער און מוט־שעט זיך נעבעך. „רייס אָפּ דאָס שיפעל", טהו איך איהם אַ זאָג שטילינקערהייט און ווענד זיך צום קאָנסטאַבל, נאָר אויף אַ קול. דער סוף איז געווען, אַז מיר ביידע האָבען גערעדט אין איין און דער זעלבער צייט, אונזערע קולות האָבען זיך אויסגעמישט אין דער לופט און קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דער צווייטער וויל.

דער קאָנסטאַבל איז געוואָרען אַ רעכטע ביסעל אין כעס און האָט מיר באַפוילען צו שווייגען און איהם אויסהערען. איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. ניקי האָט זיך דערווייל אַזוי אָנגעשטרענגט אויפצוהויבען דעם אַנקער, אַז איך האָב געמיינט,

אט ווערט ער צופלאצט. און ערשט נאכדעם ווי דער קאנסטאבל האט מיר אויסגערעכענט אלע ווארנונגען און דראהונגען, טו איך איהם א פרעג, ווער ער איז. די צייט, וואס ער האט צופטרט אויף מיר, האט דערווייל ניקי אויסגענוצט און ארויסגעשלעפט דעם אנקער. א זאך בין איך תופס פלינק, פונקט נעבען דעם קאנס־טאבל האט זיך אראפגעלאזט א לייטערל פונ׳ם דאק צו דעם וואסער. צום לייטערל איז געווען צוגעקייטעלט א קליין רודער־שיפעל. אינווייניג זיינען געלעגען וועסלעס. דאס שיפעל איז אבער געווען צוגעשלאסען. אויף אט דעם שלעסעל האב איך אלעם איינגעשטעלט אין קאן. איך האב דערפיהלט א ווינטעל אויף מיינע באקען, געווארפען א בליק אויף די כוואליעס פון שטראם, א קוק געטאן אויף די זעגעל־שטריק, אויפ׳ן זעגעל, אויף אלע מכשירים — אלעס איז געווען אין ארדנונג; איך בין ארויס מיט אפענע דבורים.

„טו דאס א נעם", האב איך אויף א קול זיך געווענדעט צו ניקי׳ן און זיך אליין א לאז געטאן צו די שטריק און אין הארצען געדאנקט גאט, וואס ווהיסקי באב האט זיי צונויפגעקניפט גלייך ניט געדרעהט.

לאזט זיך דער קאנסטאבל אראפ מיט׳ן לייטערל און פאנגט זיך דארטען אן צו פארקעןביים שלעסעל מיט עפעס א שליסעלע. מיר האבען דערווייל ארויפגענומען דעם אנקער און צובונדען דעם לעצטען קניפ. אין דער רגע האט דער קאנסטאבל באפרייט דאס שיפעל און האט זיך א לאז געטאן צו די וועסלעס.

„צי ארויף דעם זעגעל!" האב איך א קאמאנדעווע געטאן צו מיין מאנשאפט און אליין האב איך זיך גענומען באפעסטיגען די פעדערשטע שטריק. אין א רגע איז דער זעגעל געווען אנגעצויגען. איך בין אוועק צום הינטער־טייל, צום רודער.

„גלייך דאס אוים!" האב איך א געשריי געטאן צו ניקי׳ן. דער קאנסטאבל האט דערווייל שוין געמאכט א פארזוך צו דער־

*) א פאליציי באאמטער.

גרייכען דעם נאַז פון אונזער שיף. אין דער מינוט האָט אונז א ווינטעל א כאַפּ געטאַן און געגעבען א שטויס פאַראויס, דאָס איז געווען גרויסאַרטיג. וואָלט איך געוועז האָבען א שוואַרצע פעהנדל הענגען איך דאָס אַרויס לכבוד דעם נצחון. דער קאָנסטאַבל איז געבליבען שטעהן ביי זיך אין שיפעל און פאַרפינסטערט אַזא שעה־נעם טאָג מיט זיין מענה־לשון. ער האָט א היבשע ביסעל זיך אויפגערייזעט, וואָס ער האָט ניט קיין ביקס מיט זיך. דערמיט האָט אונז אויך אָפּגעגליקט.

מיר האָבען דאָס שיפעל סיי ווי ניט געגנב'עט. דאָס איז ניט געווען דעם קאָנסטאַבל'ס שיפעל. מיר האָבען נאָר געגנב'עט זיין באַלוינונג, וואָס איז באמת אליין געווען א מין גנבה. און די באַלוינונג האָבען מיר אויך פאַר זיך גופא ניט געגנב'עט; דאָס האָבען מיר געגנב'עט פאַר מיין פריינד, דיני מעק־קריע.

אין עטליכע מינוט אַרום זיינען מיר שוין געווען אין ווענעציע און טאַקע באַלד אַנגעלאָדען מיינע קאָלדערעס. די שיף האָב איך צוגעפירט צו דער צווייטער זייט, געגענאיבער דעם האַפען. פון אַזא גינסטיגען פונקט האָבען מיר געקענט זעהען צו קומט ניט עמיצער צו אונז צו. מען האָט גאָר ניט געקענט וויסען. אפשר האָט דער קאָנסטאַבל פון פאַרט קאָסטאַ טעלעפאָנירט צום בעניציער קאָנס־טאַבל. איך מיט ניקי'ן האָבען אָפּגעהאַלטען א קריגס־ראַטה. מיר ליגען אויפ'ן דעק אַנטקעגען דער וואַרעמער זון. א פריש ווינטעלע גלעט אונזערע באַקען, די שטראָם־כוואַליעס קלאַפּען זיך אָן אינ'ם שיפעל און דרעהען זיך פאַרביי. ביז נאָכמיטאָג, ווען דער צופלוס טוט זיך א לאָז איז שוין געווען אוממעגליך זיך צוריק אומקערען קיין אָוק־לאַנד. ס'איז אונז אָבער איינגעפאַלען, אַז דער קאָנסטאַבל וועט האַל־טען אויף אונז אַן אויג ביים קאַרקווינעז וואַסער־פּאַס ווען דער צו־פלוס וועט זיך ווידער א לאָז טאָן. באַשליסען מיר צו וואַר־טען ביז צווייי א זייגער פאַרטאָג, בעת דער צופלוס וועט זיך א לאָז טאָן צום צווייטען מאָל. דעמאָלט אין דער פינסטער־ניש וועלען מיר זיך שוין קענען דורכרייסען דורך די גהינום־הינט.

ליגען מיר אַזוי אויפ'ן דעק, רויכערן פּאַפּיראָסלאַך און פרע־

העז זיך, וואָס מיר לעבעז. איך טו א שפּיי אין וואַסער און מעסט אָפּ די שנעליגקייט פון׳ם שטראָם.

„מיט אַזאַ ווינטעל קענען מיר אויף דעם וואַסער דערפּאַרען ביז ריאָ וועסטאַ“, זאָג איך.

„און ס׳איז איצט אויבם־צייט ארום טייך, זאָגט ניקי.

„און דאָס וואַסער איז נידעריג אין טייך“, זאָג איך. „ס׳איז די בעסטע צייט אין יאָהר א פּאָר צו טאָן קיין סאַקראַמענטאַ“.

מיר זעצען זיך אויף און קוקען זיך אָן איינער דעם אנדערען. דער פרעכטיגער מערב־ווינט פאַרשמעקט אונז ווי א גוטער וויין. טוען מיר ביידע א שפּיי אין וואַסער אריין און מעסטען אָפּ די שנעליגקייט פון׳ם שטראָם. איצט בין איך זיכער, אַז אין דעם איז שולדיג געווען דער וואַסער־שטראָם און דער גוטער ווינט. ביידע האָבען פּשוט געריהרט אונזערע מאַטראָס־אינסטינקטען. ווען ניט דער שטראָם און ווינט, וואָלט די גאַנצע קייט פון סבות, וואָס האָט מיך געזאָלט ארויפברענגען אויפ׳ן וואַנדער־וועג, זיך געווען איבערגעריסען.

מיר האָבען שוין מעהר קיין וואָרט ניט איבערגערעט, נאָר גלייך צובינדען די שטריק און ארויפגעצויגען דעם זעגעל. אונזערע אוואַנטיורעס אויף דעם טייך סאַקראַמענטאַ געהען ניט אריין אלס טייל אין אָט דער ערצעלונג. ענדליך זיינען מיר אַנגעקומען אין דער שטאָט סאַקראַמענטאַ און פאַראַנקערט דאָס שיפעל ביים האַ־פען. די וואַסער איז געווען פּשוט א גן־עדן, און די גרעסטע טייל פון אונזער צייט האָבען מיר פאַרבראַכט אין וואַסער, זיך געבאַ־דען און ארומגעוואַשען. אויפ׳ן זאַמד־בערגעל אריבער דעם איי־זענבאַן־בריק האָבען מיר זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט א חברה בחורים, וואָס האָבען זיך אויך געבאָדען. מיר זיינען אביסעל ארומ־געשוואומען, ארויס אויפ׳ן ברעג און געשמועסט. זיי האָבען שוין גאַנץ אנדערש גערעדט, ניט ווי יענע חברה, מיט וועלכע איך פלעג זיך ארומשלעפּען. דאָס איז געווען א נייע שפּראַך. דאָס זיינען גע־ווען וואַנדער־יאַטען, און יעדער וואָרט וואָס זיי האָבען ארויס־

גערעט האָט מיך אַלץ מעהר צוגעשמיט, צוגעצויגען צום וואַנדער־וועג.

„בעת איך בין געווען דאָרטען אין אַלאַבאַמאַ", פאַנגט אָן אַ יאַט צו דערצעלען; „בעת איך האָב אַ פּאָר געטאָן פון ק. מיט דער ק און א" (אייזענבאַן) דערצעהלט אַ צווייטער; אַ דריטער פאַנגט אָן: „אויף דער ק. און א. (אייזענבאַן) איז נישטאָ קיין טרעפּ־לאַך אויף די בלינדע פּלאַטפּאָרמעס. און איך ליג אַזוי שטי־לינקערהייט אין זאַמד און הער. „דאָס איז געווען נעבען אַ קליין שטעטעל אין אָהייאָ, אויף דער „אַזערע־ברעג און מישיגען־צפון לי־ניע". פאַנגט אָן אַן אַנדער יאַט. „געפאָרען אַמאָל אויף דער האַרמאָ־מען־קויל און וואַבאַש־ליניע?" ; און אַ חברה־מאַן טוט אַ זאָג: „ניין. איך בין אָבער געפאָרען אויף דער ווייסער פּאָסט־ליניע אין שיקאַגאָ". „אַ מ'רעט שוין יאָ פונ'ם באַן — וואָרט ביז דו קומסט אויפ'ן פּענסילווייניאַ, פיר פּאָר רעלסען, ניטאָ קיין וואַסער־ביטען, מ'שעפּט אָן וואַסער לויפענדיג, אַט דאָס הייסט אַ פּאָר". „דער צפון־פּאַסיפישער איז איצט אַ שלעכטער וועג". „סאַלינאַס איז „פּאַר'חזיר'ט", די „ביקעס" בוצקען". „מיך מיט מאַק'ן, דעם יאַט, האָט מען „געפּאַקט" אין על פּאַזאָ". „אַ מ'רעט שוין יאָ וועגען „נתינות" — וואָרט ביז איהר קומט אין פראַנצויזישען געגענד אַרום מאָנטריאַל — אפילו קיין איין ענגליש וואָרט רעט מען דאָרטען ניט; טוסט אַ זאָג: מאַנדזשי, מאַדאַם, מאַנדזשי, נאָ ספּיקאַ דאַ פּרענטש*) און רייבסט דעם בויך, און מאַכסט אַ הונגעריגע צורה, און זי גיט דיר אַ ברעקעל חזיר מיט אַ שקאָרינקע".

און איך ליג און ליג אַזוי אויפ'ן זאַמד און האָרך. אַט די וואַנדערערס האָבען מיר מסוכן פאַרמיאוסט מיין אויסטער־כאַפּע־ריי. אַ נייע וועלט האָט מיך גערופען מיט יעדען וואָרט, וואָס מען האָט אַרויסגערעט — אַ וועלט פון שטאַנגען און געזימסלאַך, „בלינדע פּלאַטפאָרמעס" און „פּולמאַן־וואַגאַנעס מיט אַ טיר אין דער מיט". „ביקעס" און סיגנאַליסטען, „כירען", „פּאַקען", „אַריינ־פאַלען", „פּליטות", „קולאַקעס", „קנייטלאַך" און „פּראָפעסיאָנאַ־לען". דאָס אַלעס האָט פּשוט געמיינט אַוואַנטיורעס. גוט. איך

מוז פארזוכען אַט דאָס לעבען. ביי זיך האָב איך שוין געפּועלט, אַז איך בין איינער פון אַט די וואַנדער־יאַטען. איך בין געוועזן פּונקט אַזוי שטאַרק ווי יעדער פון זיי, אַזוי ריהרעווודיג, אַזוי חוצפּה'דיג און אַ מח האָב איך געהאַט אַזאַ גוטען.

נאָכ'ן באַדען, פאַרנאַכט צו, טוען זיי זיך אַן און געהען אַוועק אין שטאָט. געה איך אויך. די חברה פאַנגען אָן צו בעטלען אויף דער הויפּט גאַס. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהאַט געבעטעלט, און דאָס איז געוועזן ביי מיר די שווערסטע זאַך ביי מיין ערשטען ארויספאַר אויפ'ן וואַנדער־וועג. איך האָב געהאַט אַ מאָדנעם באַגריף וועגען בעטלעריי. מיין פילאָזאָפיע, ביז יענער צייט, האָט מיך געלערנט, אַז ס'איז שעהנער צו גנב'ענען איידער צו בעטלען; אַז רויבעריי איז נאָך שעהנער, ווייל די ריזיקע און די שטראָף זיינען פּראָפּאָרציאָנעל גרעסער. נאָך אַלס אויסטער־פּיראַט בין איך שוין געהאַט אַזוי פיל מאָל ערקלערט געוואָרען שולדיג פון דער גערעכטיגקייט, אַז איך וואָלט לכל הפחות געדאַרפט אָפּזיצען טויזענט יאָהר אין טורמע. ראַבעווען איז ביי מיר געווען מעשה—מאָן; בעטלען אָבער האָט ביי מיר געהאַט אַ פּנים פון חלשות, געוועזן געמיין און נידעריג. איך האָב זיך אָבער מיט דער צייט אַנטוויקעלט אַזוי גוט, אַז איך האָב אָנגעהויבען צו קוקען אויף בעטלעריי ווי אויף אַ פרעהליך שטיקעל ארבייט, ווי אויף אַ שפּיל אין המצאות, ווי אויף אַ מיטעל צו פאַרשטאַרקען דעם כאַראַקטער.

יענע ערשטע נאַכט אָבער האָב איך דאָס ביי זיך ניט געקאָנט פּועל'ן; דער סוף איז געווען, אַז ווען די יאַטען זיינען שוין פאַרטיג געוועזן צו געהן אין אַ רעסטאָראַן עפּעס עסען, האָב איך נאָך געהאַלטען ביים אָנפאַנג. איך האָב ניט געהאַט קיין סענט ביי דער נשמה. מיני, דער יאַט, דאַכט מיר, האָט באַצאָלט פאַר מיין עסען און מיר האָבען אַלע געגעסען צוזאַמען. אַ נעמער, זאָגט מען, איז פּונקט ווי אַ גנב; מיני האָט געבעטעלט און איך

---

*) עסען, מאַדאַם, איך רעד גיט קיין פראַנצויזיש.

האָב פון דעם הנאה געהאַט. איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז דער נעמער איז אַ סך ערגער פון׳ם גנב און, אַז אַזאַ זאַך זאָל זיך שוין מעהר ניט טרעפען. און ס׳האָט זיך טאַקע שוין מעהר ניט געטראָפען, אויפ׳ן צווייטען טאָג בין איך אַרויס און פאַר־קאַטשעט די פיס מיינע אַקוראַט ווי יעדער איינער.

ניקי דעם גריד׳ס אַמביציע איז ניט געווען דער וואַנדער־וועג. ער איז ניט געווען קיין מוצלח אין בעטלעריי און עפּעס איינמאָל ביי נאַכט האָט ער זיך אַרויפגעגנב׳עט אויף אַ באַרקע און איז אַוועק אויפ׳ן טייך קיין סאַן פראַנציסקאָ. איך האָב איהם באַגעגענט ערשט צוריק מיט אַ וואָך ביי אַ באַקסער־יום־טוב. ער איז ווייט אַוועק. ער איז געזעסען אויף אַ בכבודיגען אָרט ביים סאַמע קאַמפּס־פּלאַץ. ער איז איצטער אַ פּאַרוואַלטער פון „פּרייז פייטער" און איז דערפאַר ביי זיך זעהר גדול׳דיג. באמת, אויף אַ קליינעם מאַשטאַב, אין לאָקאַלע ספּאָרט־אַנגעלעגענהייטען איז ער טאַקע אַ בלישצענדער שטערן.

קיין יאַט ווערט ניט קיין וואַנדער־יאַט ביז ער געהט ניט אַריבער דאָס „בערגעל" — דאָס איז געווען דער געזעץ פונ׳ם וואַנדער־וועג, לויט איך האָב געהערט אין סאַקראַמענטאָ. גוט. איכ׳ל אַריבערגעהן דאָס „בערגעל" און אַריין אין דער חברה. דאָס „בערגעל" איז, אגב, געווען די סיעררא נעוואַדאַס. די גאַנצע קאַמאַנדע האָט באַשלאָסען זיך אַ לאָז טאָן איבער׳ן בערגעל אויף אַ שפּאַציר און, פאַרשטעהט זיך, איכ׳ל אויך געהן. דאָס איז געווען דעם פראַנצייזישען יאַט׳ס ערשטע אַוואַנטיורע אויפ׳ן וואַנ־דער־וועג. ער איז נאָר וואָס געהאַט אַנטלאָפען פון זיין פאַמיליע פון סאַן פראַנציסקאָ. פאַרבייגעהענדיג וויל איך באַמערקען, אַז מיין אַלטער טיטעל „פּרינץ" איז פאַרשוואונדען געוואָרען. איך האָב געקראָגען מיין צו־נאָמען. איצטער האָט מען מיך גערופען דער „מאַטראַס־יאַט". שפּעטער צו האָט מען מיר אַ נאָמען געגעבען דער „פּריסקאַ־יאַט", בעת די פעלזען־בערג זיינען שוין געווען צווי־שען מיר און צווישען מיין היים־שטאָט.

צוואַנציג מינוטען נאָך צען אין אָוונט האָט דער צענטראַל־

פאסיפישער פאסאזשיר צוג זיך געריהרט פונ'ם וואקזאל אין סאק־ראמענטא, קיין מזרח צו — אט די וויכטיגע איינצעלהייט איז מיר גוט איינגעקריצט אין מיין זכרון. אריבער א צענדליג חברה זיינען מיר געוועזן און מיר האבען זיך אלע אויסגעשטעלט אין דער פינסטערניש עטוואס פאראויס פונ'ם לאקאמאטיוו, גרייט ארויפצו־כאפן. אלע ארטיגע וואנדער־יאטען זיינען געקומען זעהען ווי מיר פארען אפ—אויך אונז אראפשליידערן אויב זיי וועלען נאר קענען. אט אזוי א האבען זיי באגריפען א שפאס, און סך־הכל פערציג שטיק זיינען געקומען דורכצופירען אט דעם שפאס. זייער הויפט פירער איז געוועזן א קנאקער א וואנדער־יאט, באב האט מען איהם גערו־פען. סאקראמענטא איז געוועזן זיין געבורט־שטעטעל, נאר ער איז שוין אויסגעוועזן וואו ערגעץ א מייזען־לאך איבער'ן לאנד. נעמט ער מיך און דעם פראנצייזישען יאט אוועק אין א זייט און גיט אונז אזא מין עצה: „מיר ווילען דא ארונטערמארדעווען די גאנצע קאמאנדע, איהר פארשטעהט? איהרביידע זענט נאך שוואך. יענע קענען שוין זייער שטעטעל באשטעהן. ווי נאר איהר „פאר־צוועקעוועט" א בלינדע פלאטפארמע „דעקט" זי. און בלייבט אויפ'ן דאך ביז איהר וועט פארבייפארען די סטאנציע ראזוויל דזשאנקשאן. אין יענעם כרך זיינען די „ביקעס" זעהר ווילד. „בוצקען" וועמען נאר זיי דערזעהען.

דער לאקאמאטיוו טוט א פייף און דער צוג רירט זיך. דריי בלינדע פלאטפארמעס זיינען דארטען געוועזן — פלאץ פאר אונז אלעמען. אונזער צענדלינג, וועלכער האט געוואלט מיטפארען. האט זעהר געגארט זיך אריינגלייטשען שטילינקערהייט, נאר אונ־זערע פערציג פריינד זיינען ארויס מיט א מאדנעם טאראראם אהן א טראפען בזיון. איך האב, לויט באב'ס עצה, זיך באלד ארויפ־געכאפט אויפ'ן דאך פון א פאסט־וואגאן. דארט האב איך זיך אוועקגעלייגט מיט אביסעל א קלאפענדיג הארץ און זיך צוגעהערט צום שפאס. די גאנצע כאפטע קאנדוקטארען איז אוועק פאראויס און דאס „ארונטערמארדעווען" איז געגאנגען ווי א מזמור, שנעל און אהן רחמנות. אז דער צוג איז אפגעלאפען א האלב מייל

האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און מען האָט ווידער ארונטערגעמאַר־
דעוועט די וואָס זיינען פארבליבען. איך אליין נאָר בין געפאַרען
ווייטער.

ניט ווייט פון וואָקזאל דאָרטען איז געלעגען דער פראַנצוויזי־
שער יאַט מיט ביידע פיס ארונטערגעהאַקט. עטליכע יאַטען פון
דער קאַמאַנדע, וואָס האָבען געזעהען דעם צופאַל האָבען זיך גע־
דרעהט ארום איהם. דער פראַנצוויזישער יאַט האָט זיך א גליטש
געטאָן אָדער ספּאָטיקעט אביסעל, און די רעדער האָבען שוין גע־
טאָן דאָס איבריגע. אָט אזוי בין איך ארויף אויפ׳ן וועג. שפּע־
טער מיט צוויי יאָהר האָב איך דערזעהען דעם פראַנצוויזישען יאַט
און באַקוקט זיינע „פּענקעס". דאָס איז געווען א עדעלקייט פון
מיין זייט. קאַליקעס האָבען זעהר ליעב, אז מען באַקוקט זייערע
צוקאַליעטשעטע אברים. צווישען די אַמוזירענדע בילדער אויפ׳ן
וואנדער־וועג איז דאָס בילד ווען צוויי קאַליקעס באַגעגענען זיך.
זייער אלגעמיינע צרה איז א פרוכטבארער קוואל פון געשפּרעכען;
און זיי דערציילען, ווי עס האָט פּאַסירט, זאָגען אלעס וואָס זיי ווײ־
סען מכח אמפּוטאַציע, טראָגען ארויס זייערע קריטישע באַמערקונ־
גען מכח זייערע כירורגען און פאַרענדיגען דערמיט, וואָס זיי דרע־
הען זיך אָפּ אביסעל אָן א זייט נעמען אראָפּ די באַנדאַזשען און
פאַרגלייכען זייערע איבערגעבליבענע שטיקלאַך אברים.

ערשט מיט עטליכע טעג שפּעטער אין נעוואַדאַ, ווען די קאַ־
מאַנדע האָט מיך דעריאָגט, האָב איך זיך דערוואוסט פונ׳ם צופאַל
מיט׳ן פראַנצוויזישען יאַט. די קאַמאַנדע אליין האָט אויך ניש־
קשה׳דיג צוגעליטען. סאַמע אויף די בערג אינ׳ם שנעע האָט גע־
טראָפען א סיבה מיט׳ן צוג. דער גליקליכער דזשאָו האָט זיך אומ־
געשלעפּט אויף קוליעס מיט צוויי צוריבענע פיס און כמעט אלע
איבריגע האָבען זיך ארומגעטראָגען מיט וואונדען.

און איך ליג מיר דערווייל אזוי אויפ׳ן דאך פונ׳ם פּאַסט־
וואַגאָן און וויל זיך דערמאָנען צו ראַזוויל דזשאַנקשאַן, די סטאַנ־
ציע געגען וועלכער באַב האָט מיך געוואָרענט, איז די ערשטע
אָדער די צווייטע. צוליב זיכערהייט האָב איך זיך אָפּגעהאַלטען

אראפצוגעהן אויף דער בלינדער פלאטפארם ביז נאך דער צווייי־טער סטאנציע. און אפילו דעמאלט בין איך נאך אויך ניט אראפ. איך בין דאך געווען א פריץ אינ׳ם עסק, און איך האב זיך געפילט זיכערער אויפ׳ן דאך. איך האב אבער קיינמאל ניט דערצעלט דער קאמאנדע, אז איך בין געפארען אויפ׳ן דאך די גאנצע נאכט. דורכגעשניטען די סיערראס, זייערע שנעיגע שפיצען און טונעלען, ביז טראקי, וואס אויף יענער זייט בערג, וואוהין איך בין אנגע־קומען ארום זיבען א זייגער אינדערפריה. אזא זאך איז א בזיון, און מען וואלט פון מיר געווען חוזק געמאכט. צום ערשטען מאל דערצעל איך איצטער דעם אמת וועגען יענער ערשטער נסיעה מייי־נער איבער׳ן בערגעל. די קאמאנדע אבער האט באשלאסען, אז איך בין ניט קיין שלים־מזל, און ווען איך בין צוריק געקומען קיין סאקראמענטא בין איך שוין געווען א פאלקאמענער וואנדער־יאט.

פונדעסטוועגען האב איך א היבשע ביסעל נאך געדארפט גע־וואהר ווערען. מיין ראטגעבער איז געווען באב. ער איז געווען א גאנץ ניש׳קשה׳דיגער בח״ר. איך געדיינק עפעס איינמאל אז אבענט (דאמאלט איז געווען א יריד אין סאקראמענטא, און מיר האבען זיך ארומגעשלייעט און געלעבט א גוטען טאג) האב איך פארלארען מיין היטעל אין א געשלעג. בלייב איך שטעהן מיט א הוילען קאפ אין מיטען גאס. דא איז מיר באב ווידער געקומען צו הילף. פיהרט ער מיר אפ אין א זייט פון דער קאמאנדע און זאגט מיר וואס צו טאן. איך האב זיך אביסעל געשראקען דורכצופירען זיין עצה. איך בין גראד דאמאלט נאר־וואס געהאט ארוים פון טורמע, וואו איך בין אפגעזעסען דריי טעג, און וואלט איך איצט נאכאמאל אריינגעפאלען אין די הענט פון דער פאליציי — קריג איך מיין עהרליך אויסקומעניש; טרוקען וואלט איך שוין ניט ארוים. און ווייזען, אז איך האב מורא — איז מיר אויך ניט אנגעשטאנען. איך בין דאך אריבער דאס „בערגעל“ און אומגעלאפען מיט דער קאמאנדע ווי אן עכטער טרעמפ. הכלל, איך האב געמוזט ווייזען וואס איך קען. פאלג איך באב׳ן און ער געהט מיט מיר אוועק אכטונג צו געבען, אז ס׳זאל ארויסקומען אגיל ואשמח.

שטעלען מיר זיך אוועק אויף דער ק.—גאס ביים ראג, גלויב איך, פון דער פינפטער גאס. ס'איז נאר־וואס געהאט נאכט גע־ווארען און די גאס איז געווען געפאקט מיט מענשען. שטעהט אזוי באב און באטראכט די היט פון יעדען פארבייגעהענדען כינעזער. איך פלעג זיך תמיר חדוש'ען, ווי קומט עס, וואס אלע וואגדער־יאטען טראגען „פינף־דאלארדיגע סטעטסאן קאפעליושען, הארט־ראנדיגע", איצטער ווייס איך שוין. זיי פלעגען אט די קאפעליושען באקומען אויף דעם זעלבען אופן ווי איך וועל איצטער באקומען מיינעם, ביי די כינעזער. איך בין געווען נערוועז — ארום זיינען געווען אזוי פיעל מענשען; נאר באב איז געווען קיהל ווי א הרובע אום תמוז. עטליכע מאל האב איך זיך א לאז געטאן צו א כינע־זער, מוטיג און אנטשלאסען, באב שלעפט מיך אבער צוריק. ער האט געוואלט איך זאל קריגען א גוטען קאפעליוש, פונקט מיין מאס. אט טראגט זיך פארביי א הוט, מיין מאס טאקע, אבער ניט קיין נייער; באלד, א צענדליג דער טייוועל ווייסט וואסעו'ע, און באלד א נייער קאפעליוש, אבער ניט מיין מאס. און ווען ס'האט זיך געמאכט א קאפעליוש אי ניי אין מיין מאס, איז דער ראנד אבער געווען צו גרויס אדער צו קליין. מיין גאט, באב איז געווען אן איבערקלייבער. איך בין דערווייל געווארען אזוי אנגעדראדעלט, אז איך וואלט אראפגעכאפט וואס נאר ס'וואלט מיר אין די הענט געקומען.

ענדליך איז געקומען דער הוט, דער איינציגער הוט אין סאס־ראמענטא, וואס איז מיר באשערט געווען. ווי נאר איך האב אויף איהם א קוק געטאן, האב איך באלד דערקענט, אז ער איז א מזל'־דיגער. ווארף איך א בליק אויף באב'ן. טוט ער מיט די אויגען א נישטער ארום צו ס'איז ניטא קיין פאליציי און טוט א שאקעל מיט'ן קאפ. איך כאפ אראפ דעם הוט פונ'ם כינעזער'ס קאפ און טוה איהם אן אויף מיינעם. ס'איז געווען פונקט אויף מיין מאס. ערשט דאמאלט האב איך אנגעפאנגען צו לויפען. באב, האב איך געהערט, האט עפעס א געשריי געטאן. הינטערווייל'עכס כאפ איך א קוק און זעה, ווי ער פארשטעלט דעם וועג דעם צורייצטען מאנ־

גאל, שטעלט איהם אונטער א פיסעל. איך לויף ווייטער. ביים צווייטען ראג פארקערעווע איך זיך, און ביים דריטען — ווידער א מאל. די גאס איז שוין ניט געווען אזוי געפאקט מיט מענשען ווי די ק.—גאס, פאנג איך מיר אן אזוי צו שפאצירען פאמעלאך. כאפ אביסעל אפ דעם אטעם און גיב זיך אליין אפ א מזל־טוב מיט דעם נייעם הוט, מיט דעם געלונגענעם אנטלויפען.

פלוצלונג, ביים ראג, הינטער מיינע פלייצעס טאקע — אהא — דער בינעזער מיט'ן הוילען קאפ איז דא. מיט איהם געהען נאך א פאר בינעזער און הינטען שלעפען זיך נאך א פינף־זעקס מענער און אינגלאך. איך טאנץ אוועק צום צווייטען ראג, שנייד דורך די גאס און בין שוין ביי אן אנדער ראג. איך באשלים, אז איך האב איהם שוין אויסגעמאטערט און פאנג ווידער אן צו שפאצירען. אבער ביים ראג קומט ווידער אן אט דער זעלביגער מאנגאל, דער עקשן. דא איז געווען די זעלבע אלטע מעשה מיט'ן האז און מיט דער טשערעפאכע. אזוי שנעל לויפען ווי איך האט ער ניט געקענט. ער האט זיך אבער אויף א רגע ניט אפגעשטעלט, שנעל זיך גע־קאטשעט מיט קליינע פארפיהרענדע טריטעלאך, געהאלטען אין איין שעלטען און זידלען זיך און טאקע דערפאר אלץ שטארקער געסא־פעט. ער האט גערופען גאנץ סאקראמענטא צו זעהען די שאנדע, דעם בזיון, וואס מען האט איהם פארשאפט, און א היבשער טייל פון די סאקראמענטא'ר איינוואוינער האט דאס טאקע דערהערט און איז איהם נאכגעלאפען. און איך לויף ווי א האז און דער עקשן, דער מאנגאל נאך מיר, אלץ מיט גרעסערע טריטעלאך און אט־אט כאפט ער מיך. ענדליך. ווען א פאליסמאן איז צוגעקומען האב איך אויף אן אמת פארקאטשעט די פאלעס. איך ווארף זיך און דרעה זיך דאס אהער דאס אהין. איך מעג שווערען, אז איך בין אזוי אפגעלאפען א צוואנציג קווארטאלען אהן אן אפשטעל. דעם בינעזער האב איך שוין מעהר ניט געזעהען. דער קאפעלויש איז געווען א פיינינקער, א שפאגעל־נייער סטעטסאן. אלע חברה האבען מיר אויף איהם מקנא געווען. און נאך מעהר, דאס איז

געווען אַ סימבאָל, אַז מען קען זיך אויף מיר פאַרלאָזן. איך האָב אַט דעם קאַפּעליוש געטראָגן אַריבער אַ יאָהר.

וואַנדער־יאַטען זיינען וואוילע חברה, ווען מען באַגעגענט זיי איינציגווייז און זיי דערצעהלען „ווי ס'האָט פּאַסירט"; נאָר, בנאמנות, איהר דאַרפט זיך פאַר זיי היטען ווען זיי לויפען אום טשערעדעס־ווייז. דאַמאָלט זיינען זיי וועלף, און ווי וועלף קענען זיי אומוואַרפען פון די פיס דעם שטאַרקסטען מענשען. דאַמאָלט צייגען זיי ניט אַרויס דעם מינדסטען פּחד. וואַרפען זיי זיך אַרויף אויף אַ מענשען — לאָזען זיי איהם שוין ניט אָפּ כל־זמן זיי האָבען נאָך אַ טראָפּען כח אין זייערע דראַטיגע קערפּערס, ביז ער פאַלט ניט אום אַ הילפלאָזער. ניט איינמאָל האָב איך זיי דאָס געזעהען טאָן און איך ווייס וואָס איך רעד. זייער ציל איז, פאַרשטעהט זיך, רויבעריי. און היט זיך פאַר דער, „שטאַרקער האַנט". יעדער יאַט אין אַן עקספּערט אין אַט די זאַכען. אַפילו דער פּראָנצוויזי־שער יאַט האָט די תורה געקענט אוידער ער האָט פאַרלוירען זיינע פיס.

אַט זעה איך איצטער דייטליך, וואָס ס'האָט אַ מאָל פּאַסירט ביי די „ווערבעס". די ווערבעס האָבען מיר גערופען עטליכע בוי־מער, וואָס האָבען געוואַקסען אויף אַ פּוסטען פּלאַץ ניט ווייט פון וואַקזאַל און אַ פינף מינוט שפּאַציר־גאַנג צום סאַמע צענטער פון סאַקראַמענטאָ. דאָס איז געווען ביי נאַכט, און די סצענע איז באַ־לויכטען מיט'ן טונקעלען שיין פון די שטערן. סע שטעהט אַ גע־זונטער אַרבייטער און אַרום איהם, פון אַלע זייטען, אַ גאַנצע טשע־רעדע וואַנדער־יאַטען. ער איז ווילד־אויפגערייצט און שעלט זיי, שרעקט זיך ניט, גלויבט אין זיין אייגענער גבורה. ער וועגט עפּעס אַ הונדערט־און־אַכציג פונט און האָט קרעפטיגע מוסקולען; ער ווייסט אָבער ניט צו ווען זיך אַ נעם טאָן. די יאַטען בייזערן זיך דערווייל. עס איז אַ מיאוסקייט. זיי טוהען זיך אַ לאָז אויף איהם פון אַלע זייטען, ער דרעהט זיך פלינק און מאַכט מיט די הענט. דער פריזירער־יאַט איז נעבען מיר געשטאַנען. און ווי דער אַרבייטער דרעהט זיך אַזוי, טהוט דער פריזירער־יאַט אַ טאַנץ

און מאכט די קונץ. ער שפּאַרט אַריין זיין קניע דעם אַרבייטער אין רוקען; מיט דער רעכטער האַנט נעמט ער אַרום זיין האַלז און דריקט צו דעם גאָרגעל מיט'ן האַנט־געלענק. דאָס איז אַ מסוכנ'ער קוועטש און דער מענש בלייבט אָהן אָטעם. אָט דאָס הייסט די שטאַרקע האַנט.

דער אַרבייטער גיט זיך ניט אונטער, נאָר ער קען זיך שוין גאָר ניט העלפען. די וואַנדער־יאַטען וואַרפען זיך אויף איהם אַרויף פון אַלע זייטען אויף די פיס, די הענט, דעם קערפּער, און דער פּריזירער־יאַט לאָזט ניט אָפּ דעם האַלז, ווי אַ וואָלף, וואָס האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ הערש, ער שלעפּט איהם רק צוריק. דער אַרבייטער קערט זיך איבער און פאַלט אונטער דער גאַנצער קופּע. דער פּריזירער־יאַט בייט אום זיין פּאָזיציע, נאָר ער לאָזט איהם נאָך אַלץ ניט אָפּ. און בעת עטליכע חברה זיינען בודק זיינע קע־שענים, האַלטען איהם די אַנדערע צו די פיס, אַזוי אַז ער זאָל מיט די פיס ניט קענען קיין ריהר טאָן. זיי באַוואָרענען זיך און שלע־פּען איהם גאָר אַראָפּ די שטיוועל. און ער? ער האָט זיך שוין אונ־טערגעגעבען, ער איז איצטער צושלאָגען. אַחוץ דעם קען ער נאָך אַלץ דעם אָטעם ניט כאַפּען, צוליב דער שטאַרקער האַנט. ער פאַנגט שוין אָן מיאוס צו כאַרכלען, און די חברה פאַנגען זיך אָן אַביסעל צוצואיילען. באמת ווילען זיי איהם ניט הרג'ענען. אַלעס איז געענדיגט. עמיצער טוהט אַ קאָמאַנדעווע און מיט איין מאָל לאָזען איהם אַלע אָפּ, די יאַטען צולויפען זיך אין אַלע זייטען. איין יאַט שלעפּט מיט זיך די שיך. ער ווייסט וואו מען קען פאַר זיי קריגען אַ האַלבען דאָלאַר. דער אַרבייטער זעצט זיך אויף, קוקט זיך אַרום, צוטומעלט און הילפלאָז. אפילו ער זאָל וועלען, קען ער אויך ניט נאָכלויפען באַרוועסערהייט אין דער פינסטער. איך האַלט זיך אַביסעל אָפּ און קוק אויף איהם. ער טאַפּט זיך ביים האַלז, טוט טרוקען און מאַדנע אַ בורטשע, וואַרפט עפּעס מאָדנע מיט'ן קאָפּ, וויל געוואָר ווערען צו דער האַלז איז ביי איהם ניט אויסגעלינקט. איך טו זיך אַ לאָז, דעריאָג די קאָמאַנדע. דעם אַר־בייטער האָב איך שוין מעהר קיינמאָל ניט געזעהען. הגם איך קען

באַין אופן ניט פאַרגעסען ווי ער זיצט דאָרטען אַזוי ביי דער שיין פון די שטערן, עפּעס צוטומעלט, דערשראָקען, צושויבערט און דרעהט דעם קאָפּ און דעם האַלז אַהער און אַהין אין אַלע זייטען.

איבערהויפּט שכורים זיינען קרבנות פון אַט די וואַנדער־יאַטען. באַרויבען אַ שכור הייסט ביי זיי אַ „קאַטשע טאָן אַ בר מנן"; און וואו זיי קומען נאָר זוכען זיי שכורים. אַ שכור איז ביי זיי אַזאַ מאכל, ווי פליגען למשל, ביי אַ שפּין. „אַ קאַטשע טאָן אַ בר מנן", איז ביי זיי אַפּט אַ גאַנץ פרעהליכע חתונה, ספּעציעל ווען דער שכור איז הילפלאָז און ער קען זיך ניט וועהרען. ביים ערשטען בלאָז ווערט אויסגעטרוקענט דעם שכור'ס געלט און ציי־רונג. נאָכדעם זעצען זיך די יאַטען אַרום אַרום זייער קרבן און טאַנצען דעם אינדיאַנער שכור שאַנץ. איינעם פאַרגלוסט זיך דעם שכור'ס שניפּס — נעמט מען אַראָפּ דעם שניפּס. אַן אַנדערער וויל זיין אונטערוועש — שלעפּט מען אַראָפּ דאָס אונטערוועש. דערביי פאַרקירצט מען מיט אַ מעסער די אַרבעל און די פלוידערן. איז דאָס פידזשאַקעל אָדער הויזען צו גרויס — רופט מען צו אַ גוטען־ברודער, אַ באַקאַנטען טרעמפּ און מען איז איהם דערמיט מכבד. נאָכדעם צוגעהט מען זיך גאַנץ פיין און מען לאָזט נעבען איהם איבער אַ גאַנצע קופּע אַלטע שמאַטעס.

אַט זעה איך נאָך אַ בילד. ס'איז אַ פינסטערע נאַכט. מיין חברה שפּאַצירט אויפ'ן טראָטואַר ערגעץ אין עק שטאָט. פּאַראויס. נעבען אַן עלעקטרישען לאָמפּ זעהען מיר ווי אַ מענש שניידט דורך די גאַס. עפּעס וואַקעלט ער זיך און געהט ניט פעסט. די יאַטען דערשמעקען זייער קרבן. דער מענש איז שכור. ער שאַרט זיך פאַרביי דעם טראָטואַר און ווערט פאַרלאָרען אין דער פינסטערניש. דורכשניידענדיג עפּעס אַ ליידיגען פּלאַץ. חברה רעדען ניט אויס אַפילו קיין וואָרט, נאָר מען טוהט זיך אַ וואָרף איהם דעריאָגען. מען דעריאָגט איהם אין סאַמע מיט פון דעם ליידיגען פּלאַץ. נאָר, וואָס איז דאָס? צווישען דער קאָמאַנדע און איהר קרבן דרעהען זיך אום און בייזערן זיך עפּעס טונקעלע און דראָהענדע פיגורען. דאָס איז אַן אַנדער שייקע וואַנדער־יאַטען. לאָזט זיך אויס אַ

מעשה. אַז דאָס איז נאָר זייער קרבן, אַז זיי גערהען איהם שוין נאָך אַ שטיקעל צייט. מיר לעבען אָבער אין אַ גאַנץ אַנדער וועלט, אין אַ פּרימיטיווער וועלט. אַט די וועלף זיינען נאָך קליינע וועלפעלאַך. (באמת, גלויב איך ניט, אַז אפילו איינער פון זיי איז עלטער געווען פון צוועלף אָדער דרייצען יאָהר. עטליכע פון זיי האָב איך שפּעטער באַגעגענט און איך האָב זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען נאָר־וואָס געהאַט איבערגעגאַנגען דאָס בערגעל, און אַז זיי שטאַ־מען פון דענווער און סאָלט־לייק סיטי). אונזער שייקע טוהט זיך אַ וואָרף פאַראויס. די קליינע וועלפעלאַך קוויטשען און דראַפּען זיך און קעמפען ווי קליינע טייוואָלים. אַרום דעם שכור פלאַקערט אַ קאַמף כדי איהם צו פאַרכאַפּען. אינ׳ם סאַמע ברען פונ׳ם קאַמף פאַלט ער אום און דאָס געשלעג צופלאַקערט זיך איבער זיין קער־פּער אַקוראַט ווי דער קאַמף צווישען די גריכען און די טראָיאַנער איבער דעם קערפּער און פּאַנצער פון זייער אַ געפאַלענעם העלד. די קליינע וועלפעלאַך טרייבט מען אָפּ; זיי לויפען אַוועק מיט גע־שרייען, טרערען און קוויטשערייען. און מיין שייקע נעמט זיך קאַ־טשען דעם בר מנן. איכ׳ל אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסען אַט דעם שכור, זיין צומישטע איבעראַשונג וועגען דעם פּלוצליכען אויס־ברוך פונ׳ם קאַמף אויף יענעם ליידיגען פּלאַץ. אַט זעה איך איהם נאָך איצטער, אַ טונקעלען אין דער פינסטער, ווי ער שאָקעלט זיך און חדושט זיך אַזוי טעמפּ, ווי ער טרעט אויף אין דער ראָלע פון אַ רודף־שלום אינ׳ם געשלעג, די באַדייטונג פון וועלכען ער האָט אפילו ניט פאַרשטאַנען. אַט זעה איך, דעם אויסדרוק פון אמת׳ער באַליידיגונג אויף זיין פּנים, ווען ער, אַזאַ אומשולדיגער, ווערט אַרומגערינגעלט און אַזוי פיעל הענט שטעקען אַריין אין איהם זייערע נעגעל און מען וואַרפט איהם צו דער ערד.

אַ קלימעק־טרעמפּ איז אויך אַ ליעבלינג־רויב ביי די וואַנדער־יאַטען. אַ קלימעק־טרעמפּ איז אַ טרעמפּ, וואָס אַרבייט. דער צו־נאָמען שטאַמט דערפון, וואָס ער בינט צונויף זיינע קאָלדרעס אין אַ קלימעקעל און אַזוי טראָגט ער זיי אויף די פּלייצעס. ווייל אַ קלימעק־טרעמפּ אַרבייט אַמאָל, גלויבט מען, אַז ער האָט ביי זיך אַ

ביסעל מינץ. אט דאס ביסעל מינץ ציהט אזוי צו די וואנדער־יאטען. דער בעסטער פּלאץ צו אויסנישטערן א קלימעק־טרעמפּ איז אין די שטאלען, געהילץ־פלעצער, אייזענבאהן־הויפען א.ז.וו., ערגעץ אין א עק־שטאט; די בעסטע צייט זיי צו כאפּען איז ביי־נאכט, ווען דער קלימעק־טרעמפּ זוכט אפּ אט די פּלעצער, וואו ער קען זיך איינוויקלען אין זיינע קאלדרעס און שלאפען.

„פרעהליכע קעצלאך" קומען אויך ניט ארויס טרוקען פון די וואנדער־יאטען. איז א מעהר פארשטענדליכער שפּראך רופט מען די „פרעהליכע קעצלאך" בהמות מיט קורצע הערנער, טשעטשאק־וואס, פריש־געבאקענע חברה, זיידענע יונגעלייטלאך. א פרעהליך קעצעל איז אן אנפאנגער אויפ'ן וואנדער וועג, שוין אין די יאהרען, אם ווינציגסטען שוין א היבשער בחור. א איינגעל, ווי גרין ער זאל ניט זיין אויפ'ן וואנדער־וועג איז קיינמאל ניט קיין פרעהליך קעצעל; ער איז א וואנדער־יאט, א „ברען". און אויב ער וואנדערט ארום מיט א פּראפעסיאנאל איז ער אן אונטער־טרעמפּ. איך בין קיינמאל ניט געווען קיין אונטער־טרעמפּ, ווייל איך האב זעהר ניט ליעב געהאט קיין אויבערהאר. צוערשט בין איך געווארען א וואנ־דער־יאט און נאכדעם א פּראפעס. מיין קאריערע האב איך אנ־געפאנגען זעהר יונג, דערפאר האב איך פארשפּארט זיין א פרעהליך קעצעל. א קורצע צייט, בעת איך האב געענדערט מיין צו־נאמען פון פריסקא'ר־יאט אויף מאטראס דזשעק, האב איך אויף זיך גע־האט א חשד, אז איך בין א פרעהלאך קעצעל. אבער א נעהענטע־רע באקאנטשאפט מיט מיר פון די, וואס האבען מיך חושד געווען אין אזא זאך, האט גלייך פארטריבען אלע זייערע ספקות און גאר אין גיכען האב איך באקומען די עכטע פּאסטעמקעס און אלע סמנים פון אן אמת'ען פּראפעסיאנאל. און זאל מען טאקע וויסען אט איצטער, אז די פּראפעסיאנאלען זיינען די אריסטאקראטיע פונ'ם וואנדער־וועג. זיי זיינען דאס די לארדען, די הערשער, די גאר פרימיטיווע עדעל־לייט, יענע בלאנדע חיות, וואס זיינען אזוי באַ־ליעבט ביי ניטצשע'ן.

ווען איך בין פון נעווארא צוריק אריבערגעקומען איבער'ן

בערגעל האָב איך זיך דערוואוסט אַז עפּעס אַ טייך־פּיראַט האָט אוועקגעגנב'עט דיני מעק־קריע'ס שיפעל. (אַ מאָדנע זאַך, איך קען זיך באַין אופן איצטער ניט דערמאָנען, וואו איז אַהינגעקומען דאָס קליינע רודעל־שיפעל, אין וועלכער איך מיט ניקי דעם גריך האָבען זיך אוועקגעלאָזט פון אוקלאַנד קיין פּאָרט־קאָסטאַ. איך ווייס, אַז דער קאָנסטאַבעל האָט דאָס ניט צוגענומען, און איך ווייס, אַז מיר האָבען דאָס ניט מיטגענומען בעת מיר האָבען זיך אַ לאָז געטאָן אַרויף מיט'ן סאַקראַמענאָ טייך, מעהר ווייס איך ניט). צוליעב'ן פאַרלוסט פון דיני מעק־קריע'ס שיפעל האָב איך שוין גע־מוזט אוועק אין וועג; און ווען סאַקראַמענטאָ איז מיר נמאס געוואָרען האָב איך זיך געזעגענט מיט מיין באַנדע (וועלכע האָט מיך מחמת פריינדשאַפט טאַקע געפּרואווט אַרונטערמאַרדעווען פונ'ם פּראַכט־צוג) און אוועק אויף אַ רייזע אין דעם סאַן יאַאַקווין טהאַל. דער וואַנדער וועג האָט מיך צוגעקייקעלט צו זיך און מיך שוין ניט אָפּגעלאָזט. און שפּעטער, ווען איך האָב שוין געהאָט אַרומגערייזט דעם ים און דורכגעלעבט טויזענט אַנדערע זאַכען, האָב איך זיך נאָך אַמאָל אומגעקערט צום וואַנדער־וועג צו מאַכען לענ־גערע רייזעס כדי צו זיין אַ „קאָמעט" אַ פּראָפּעסיאָנאַל", און איך האָב זיך אונטערגעטוקט אין דער סאָציאָלאָגישער מקוה, און ביז אַרויס נאָס ביז די ביינער.



# צוויי טויזענט טרעמפּס.

איך האב אמאל געהאט דאס גליק ארומצורייזען עטליכע וואכען נאכאנאנד מיט א חברה פון צוויי טויזענט טרעמפּס. אט די חברה האט מען גערופען „קעללי'ס ארמיי". פון קאליפארניע אן, דורך דער גאנצער ווילדער און פּוכיגער וועסט, האט גענעראל קעללי מיט זיינע העלדען פארכאפּט פאר זיך גאנצע באהנען; זיי זיינען אבער דורכגעפאלען ווען זיי זיינען אריבער דעם טייך מיזורי און זיך א לאז געטאן צו דער אויסגעשפּילטער איסט. די איסט האט ניט געהאט די מינדסטע נייגונג אומזיסט צו פיהרען צוויי טויזענט טרעמפּס. און די גאנצע ארמיי קעללי'ס איז איבערגעבליבען הילפלאז אויף א שטיק צייט ביי קאונסיל בלאפּס. דעם טאג, וואס איך האב זיך אן איהר אנגעשלאסען, איז זי אזוי פארצווייפעלט געווארען פון איהר לאגע, אז זי האט זיך א לאז געטאן צו פארכאפּען א צוג.

דאס איז געווען א גרויארטיג בילד. גענעראל קעללי איז בהרחבה געזעסען אויף א פּרעכטיג שווארץ פערד און זיינע צוויי טויזענט טרעמפּס, אויסגעשטעלט אין ראטעס, צוטיילט אויף צוויי דיוויזיעס, צום טאקט פון מיליטערישער מוזיק פון דער פּייפעל־און־פּויק־ראטע, זיינען אלע פאר איהם פארבייגעגאנגען און זיך א לאז געטאן אויפ'ן דארפישען שליאך צום קליינעם שטעטעל וועסטאן א זיבען מייל ווייטער. אזוי ווי איך בין געווען דער לעצטער רעקרוט האט מען מיך אוועקגעשטעלט אין דער לעצטער ראטע פונ'ם לעצטען פּאלק אין דער צווייטער דיוויזיע, און דערצו נאך אינ'ם לעצטען ראנג פון דעם אריעגארד. די ארמיי האט צושטעלט דעם לאגער אין וועסטאן ביי דער אייזענבאהן ליניע, אדער

בעסער געזאגט, ביי די ליניעס, ווייל צוויי ליניעס האבען זיך דארט דורכגעצויגען: די שיקאגא, מילוואקי און סאנט פאול, און די ראק איילענד ליניע.

מיר האבען בדעה געהאט זיך ארויפזעצען אויפ'ן ערשטען צוג, נאר די אייזענבאהן פארוואלטונג האט אונז אפגעטאן אויף טער־קיש און האט מנצח געווען. ס'איז גאר קיין ערשטער צוג ניט גע־ווען. זיי האבען אפגעשטעלט דעם פארקער אויףביידע ליניעס און קיין איין צוג איז ניט געלאפען. די גוטע בירגער אבער פון אמאהא און קאונסיל בלאפס זיינען לוידיג ניט געזעסען. זיי האבען זיך דערוויייל געגרייט פארכאפען מיט גוואלד א צוג אין קאונסיל בלאפס, איהם צופיהרען און אונז שענקען א מתנה. די אייזענ־באהן־פארוואלטער האבען זיך אבער מיט זיי אויך אן עצה געגע־בען. זיי האבען ניט געווארט ביז דער מאב איז צו זיי געקומען. אויפ'ן צווייטען אינדערפריה האבען זיי צוגעשיקט אויף דער סטאנציע א לאקאמאטיוו מיט איין פריוואטען וואגאן צוגע־טשעפעט און איהם אוועקגעשטעלט אויף א זייטיגער ליניע. בא־מערקען מיר, אז די טויטע ליניעס זיינען ווידער לעבעדיג געווארען און מיר שטעלען זיך אויס נעבען די רעלסען.

נאר אזא לעבעדיגקייט האט מען נאך קיין מאל ניט באמערקט אויף קיין אייזענבאהן ליניעס. פון מערב האט זיך דערהערט דאס פייפען פון א לאקאמאטיוו. דאס איז א צוג געקומען פון דארט אין דער מזרח־ריכטונג. מיר האבען זיך טאקע געלאזט קיין מזרח. א צוגרייטונגס־ציטער איז דורכגעלאפען איבער אונזערע רייהען. דער לאקאמאטיוו האט געהאלטען אין איין פייפען ווי א משוגענער און מיט דער גרעסטער שנעלקייט זיך פארבייגעטראגען. ס'איז נאך ניט געבארען געווארען יענער טרעמפ, וואס זאל זיך געוועזן קענען ארויפגעכאפען אויף יענעם צוג. עס דערהערט זיך א פייף פון א צווייטען לאקאמאטיוו און א צווייטער צוג לויפט דורך מיט דערזעלבער שנעלקייט, און נאך איינער און נאך איינער, א צוג נאך א צוג אהן א סוף. אין די לעצטע צוגען זיינען שוין גע־ווען פאסאזשירען און פראכט וואגאנען צוזאמען. פלאכע פראכט

וואַגאָנען, אַלטע לאָקאָמאָטיווען, קאָנדוקטער־וואַגאָנען, פּאָסט־וואַגאָנען, וואַגאָנטשיקעס, וואָס מען באַנוצט אָפּצורייניגען די רעלסען, מיט איין וואָרט, וואו עפּעס אַן אַלטע שמאַטע, אַן אַלט שטיקעל געצייג וואָס וואַלגערט זיך אויף אַ גרויסען וואָקזאַל. ווען דער וואָקזאַל אין קאָונסיל בלאָפס איז אינגאַנצען אָפּגעריייניגט געוואָרען האָט מען צוגענומען דעם לאָקאָמאָטיוו מיט'ן איינציגען וואַגאָן, איהם אויך אַוועקגעפיהרט צו מזרח צו, און די ליניעם זיינען געבליבען טויט ווי פריהער.

ס'איז אַוועק אַ טאָג און נאָך איינער, און קיין זאַך האָט זיך ניט גערירט. ס'האָט אָנגעהויבען געהן אַ רעגען, אַ האָגעל, ס'איז געוואָרען אַ גליטש, און די צוויי טויזענט טרעמפּס ליגען אַלץ נעבען די רעלסען. נאָר יענע נאַכט האָבען די גוטע איינוואוינער פון קאָונסיל בלאָפס אריבערגעשטיגען אין חכמה די אייזענבאַהן פּאַרוואַלטער. זיי האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אין אַ מאַב אין קאָונסיל בלאָפס, אריבערגעגאַנגען דעם טייך קיין אָמאַהאַ, דאָרטען זיך פאַראייניגט מיט אַ צווייטען מאַב און אַוועק אויפ'ן יוניאָן־פּאַסיפישען וואָקזאַל. ראשית האָבען זיי צוגענומען אַ לאָקאָמאָטיוו, נאָכדעם האָבען זיי ווי ס'ניט איז צוזאַמענגעשטעלט אַ צוג און ביידע מאַבס האָבען זיך גאַנץ פיין אריינגעפּאַקט אינוויינינג. אריבערגעפאָרען דעם טייך מיזורי, געבראַכט איהם גלייך קיין ראָק איילענד און אונז איהם איבערגעגעבען. די אייזענבאַהן־פּאַרוואַלטער האָבען דעם פּלאַן אויך געוואָלט צושטערען, נאָר זיי זיינען גאַנץ פיין דורכגעפאַלען; דערצו נאָך זיינען איבערגעשראָקען געוואָרען אויף טויט דער סעקציאָן הויפּט־פּאַרוואַלטער און זיין ארויסהעלפער. אַט די צוויי חברה־לייט האָבען באַקומען געהיימע טעלעגראַפישע באַפעלען, אַז זיי זאָלען אויפרייסען די רעלסען מיט'ן באַן מיט'ן גאַנצען מאַב וואָס אויף איהם. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער, אַז מיר האָבען זיי עפּעס אביסעל פאַרדעכטיגט און מיר האָבען געהאַט ארויסגעשיקט אונזערע פּאַטרולען צו באַוואַכען די רעלסען. און די צוויי חברה־לייט האָט מען געכאַפּט טאַקע ביי דער ארבייט. פאַרשטעהט זיך, אַלע אונזערע צוויי טויזענט טרעמפּס

האָבען זיי ארומגערינגעלט און יענע האָבען שוין אָנגעפאנגען צו זאָגען וידוי. איך געדענק שוין איצט ניט, וואָס האָט זיי געראַ־טעוועט פונ'ם טויט, סיידען אפשר דער צוג וואָס איז אָנגעקומען.

נאָר מיר זיינען אויך טרוקען ניט ארויס. אין איילעניש האָ־בען די צוויי מאַבס פארגעסען צוטשעפּען געגוג וואַגאָנען. ס'איז געווען ווינציג פּלאַץ פאר צוויי טויזענט טרעמפּס. פארשטעהט זיך, מיר און די מאַבס האָבען זיך גאַנץ פיין דורכגערעט, געזונגען לידער צוזאַמען און זיי אוועקגעשיקט מיט זייער צוג קיין אָמאַהאַ צוריק און ערשט אויפ'ן צווייטען אינדערפריה זיינען מיר אָפּגע־פאָרען קיין דע מאָין. צופוס געהן האָבען מיר ערשט אָנגעפאנגען ווען מיר זיינען אריבערגעפאָרען דעם טייך מיזורי. און אזוי זיי־נען מיר שוין געגאַנגען און מעהר קיינמאָל ניט געפאָרען. נאָר די חתונה האָט אָפּגעקאָסט א שעהן ביסעל געלט די אייזענבאַן קאָמ־פּאַניס; ס'איז זיי דאָ געגאַנגען אין א פּרינציפּ, און זיי האָבען טאַקע געוואונען.

אנדערוואוד, לעאָלא, מענדען, אוואָקא, וואלנאט, מארנא, אט־לאַנטיק, ווייאַטא, אַניטאַ, אדעיר, אדאַם, קייזיע, סטוארט, דעקס־טער, קארלהעם, דע סאָטאָ, וואן מעטער, בונוויל, קאַמערס, וואַליע, דזשאַנקשאַן — אָט אזוי געהען פארביי די נעמען פון די שטעטלאך אין מיין זכרון בעת איך טראַכט זיך אריין אין דער מאַפּע און דער־מאָן זיך דעם וועג, וואָס מיר זיינען דורכגעגאַנגען אין דעם פעטען לאַנד פון אייאָוואַ! און די גוטהערציגע אייאָוואַ'ר פארמערס! זיי פלעגען ארויסקומען מיט זייערע וועגענער און קאַרעטעס, שלעפּען אונזער באַגאַזש; פלעגען אונז מכבד זיין מיט א היים לעפעל גע־קעכטס מיטאָג צייט ביים זייט פון וועג; די שטאָט־טאַטעס פון פארמעגליכע שטעטלאך פלעגען ארויסקומען און אונז מכבד זיין מיט קבלת פנים דרשות; דעפּוטאַציעס פון קליינע מייד־לאך און כלה־מיידען פלעגען אונז ארויסגעהן באַגעגענען, און די גוטע בירגער פלעגען ארויסקומען אין די הונדערטער, כאַפּען אונז אונטער'ן די הענט און אזוי ארייננמארשירען מיט אונז אויף זייערע הויפּט גאַסען. דער טאָג וואָס מיר זיינען אָנגעקומען אין

א שטעטעל איז געווען אזוי פריילאך, למשל, ווי ווען א צירק וואלט געווען אנקומען, און אלע טאג איז ביי אונז געווען צירק־טאג, ווייל עס זיינען געווען א סך א סך שטעטלאך.

פארנאכט פלעגט אונזער לאגער פארפלייצט ווערען מיט דער באפעלקערונג פון עטליכע שטעטלאך. יעדע ראטע אונזערע צו־לעגט א פייער, און ארום פייער טוען זיך אפ מעשים. די קוכערס פון מיין ראטע, די ל. ראטע, זיינען געווען ארטיסטען אויף זינגען און טאנצען, און זיי טאקע פלעגען אונז אממייסטען משמח זיין. ארום א צווייטען פייער האט דער געזאנגס־פאראיין געקערט וועלטען. די „הויפט־קראפט" זייערע איז טאקע געווען דער „דאנטיסט" — א חברה־מאן פון אונזער ראטע ל., און מיר האבען זיך דערמיט טאקע געהאלטען זעהר גדול'דיג. אט דער „דאנטיסט" פלעגט זיין דער צאן־רייסער פון דער גאנצער ארמעע, און אזוי ווי אט די ארבייט פלעגט ער טאן אין דער צייט פונ'ם עסען, איז אונזער פארדייען סטימולירט געווארען דורך א גאנצער קייט פון פארשידענע צופאלען. דער דאנטיסט האט קיין שלאף־געטראנק ניט געהאט, נאר ס'איז אבער שטענדיג געווען א צוויי אדער דריי חברה, וואס האבען זיך פרייוויליג אונטערגענומען צו האלטען דעם פאציענט. אחוץ די אלע קונצען פון די ראטעס און פונ'ם געזאנג־פאראיין, פלעגען מיר נאכזאגען די תפילות פון די אר־טיגע גלחים, און שטענדיג פלעגט מען פאר אונז האלטען א סך רעדעס איבער פאליטישע טעמאס. אט די אלע זאכען האבען זיך געשלאסען איינע אין דער צווייטער; קורץ און גוט, ס'איז געווען א גאנצער יריד. צווישען צוויי טויזענט טרעמפס קען מען אפ־זוכען א היבשע ביסעל טאלאנטען. איך געדיינק, מיר האבען געהאט א זעהר וואוילע חברה בייז־באל שפילער און אלע זונטאג פלעגען מיר באזיגען די לאקאלע חברות. אמאל א זונטאג פלע־גען מיר דאס דורכמאכען צוויי מאל.

פאר־א־יארען האב איך, אלס לעקטאר, געמאכט א רייזע אי־בער'ן לאנד, און בין אנגעקומען קיין דע מאין אין א פולמאן־וואגאן — ניט אין א „פולמאן־וואגאן מיט א טיר אין דער מיט"

נאָר טאַקע איז אַן אמת'ן פּולמאַן־וואַגאָן. אויסער'ן שטאַט האָב איך דערזעהען די אַלטע אויוועו־פאַבריק און מיין האַרץ האָט זיך אין מיר צוטאַנצט. דאָס איז טאַקע געווען דאָרטען. ביי דער דאַזיגער אויוועו־פאַבריק, האָט די אַרמעע, צוריק מיט אַ צענדליג יאָהר, זיך אָפּגעשטעלט און געשוואוירען, אַז זי האָט שוין קיין פיס ניט, און זיך אַ נדר געטאָן ווייטער ניט געהן צופוס. מיר האָבען פאַרכאַפּט די אויוועו־פאַבריק און האָבען מודיע געווען דע מאַין, אַז דאָ שטעהן מיר, אַז מיר וואָלטען אַריינגעקומען אין שטאָט אַריין, נאָר צופוס פון דאָרטען געהן מיר שוין ניט ווייטער. דער מאַין איז אַ גאַסט־פריינדליכע שטאָט. נאָר צו גוט קען מען אָבער אויך ניט זיין. ס'איז דאָך אַ פּשוט'ער חשבון, ליעבער לעזער. צוויי טויזענט טרעמפּס, וואָס עסען דריי זעטיגע סעודות אַ טאָג, פּטר'ן טעגליך זעקס טויזענט סעודות, און אין איין וואָך — צוויי־און־פערציג טויזענט סעודות, און גאַנצע הונדערט אַכט־און־זעכציג טויזענט סעודות — אינ'ם קורצסטען חודש. איהר פאַרשטעהט אַ מהלך! מיר האָבען קיין געלט ניט געהאַט. דע מאַין וואָלט דאָס אַלץ גע־מוזט געווען אויסשטעהן!

דע מאַין איז געווען פאַרצווייפעלט. מיר זיינען זיך געשטאַ־נען אין לאַגער, געהאַלטען פאָליטישע רעדעס, דורכגעפירט רעלי־גיעזע קאָנצערטען, געריסען ציין, געשפּילט בייז־באַל און אָפּענע זיבעטל, און אויפגעגעסען אַלע טאָג אונזערע זעקס טויזענט סעודות, און דע מאַין האָט דערפאַר באַצאַלט. דע מאַין האָט אָנ־געפאַנגען איינצו'טענה'ן מיט די אייזענבאַן פאַרוואַלטער, יענע זיינען אָבער געווען האַרטנעקיג; זיי האָבען געזאָגט, אַז מיר ווע־לען ניט פאָרען און פּטור אַן עסק. אונז ערלויבען צו פאָרען — וואָלט געהייסען פעסטשטעלען אַ פּרעצעדענט, און דאָס האָ־בען זיי ניט געוואָלט. און מיר האָבען אַלץ געגעסען און געגעסען. דאָס איז געווען די שרעקליכסטע זאַך אין דער גאַנצער סיטואַציע. מיר האָבען סך הכל געוואָלט פאָרען קיין וואַשינגטאָן, און דע מאַין וואָלט געמוזט געווען אַרויסלאָזען שטאַטישע ווערטה־פּאַפּירען כדי אונז צו באַזאָרגען מיט אייזענבאַן בילעטען, אפילו צו רעדוצירטע

פרייזען. און טאָמער בלייבען מיר דאָ לענגער — דאַרף דע מאַין סיי ווי מאַכען א שטאַטישע הלואה, כדי אונז אויסצוהאַלטען.

נאָר עפּעס א לאָקאַלער גאון האָט געלעזט דאָס פּראָבלעם. מיר ווילען ניט געהן צו פוס. זעהר גוט. דאַרפען מיר פאָרען. פון דער מאַין ביז קעאָקקאָק, וואָס שטעהט נעבען טייך מיסיסיפּי, האָט געפלאָסען דער דע מאַין טייך. אָט דער שטח פונ׳ם טייך האָט פאַרנומען א דריי הונדערט מייל. זאָגט דער לאָקאַלער גאון, אז מיר קענען פאָרען אויפ׳ן טייך. און ווען מיר האָבען נאָר אייגענע שיפלאַך קענען מיר שוין פאָרען מיט׳ן טייך מיסיסיפּי ביז׳ן טייך אהייא און פון דאָרטען איבער׳ן טייך אהייא און זיך איבערפּעקלען מיט די שיפלאַך א קורצע שטרעקע און קומען גלייך קיין וואַשינגטאָן.

דע מאַין האָט געמאַכט א נדבה. פּאַטריאָטישע בירגער האָבען מנדב געווען עטליכע טויזענט דאָלאַר. מען האָט איינגעקויפט געהילץ, שטריק, צוועקעס, און פלאַקס צו פאַרקלאַפּען די שפּאַלטען, און אויף די ברעגען פונ׳ם טייך דע מאַין האָט זיך אָנגעפאַנגען א גראַנדיעזע עפּאָכע פון שיף־בויאונג. דער דע מאַין איז אָבער א נישטיג שטראָמעלע, וואָס פאַרדינט ניט דעם נאָמען „טייך". ביי אונז אינ׳ם גראַמען מערב־לאַנד רופט מען דאָס א „ריטשקעלע". די עלטערע איינוואוינער האָבען געשאָקעלט מיט די קעפּ און געזאָגט, אז מיר׳ן דאַרויף ניט קענען פאָרען, אז ס׳איז ניטאָ קיין גענוג וואַסער צו טראָגען אונזערע שיפלאַך. אָבער די שטאָט האָט זיך ווייניג צו זיי צוגעהערט, אזוי לאַנג זי ווערט פון אונז פּטור. מיר ווידער זיינען געווען אזעלכע אָנגעפּרעסענע אָפּטימיסטען, אז קיין זאַך האָט אונז ניט געשראָקען.

מיטוואָך, דעם נייינטען מאַי, 1894, האָבען מיר זיך א לאָז געטאָן אין וועג און ארויסגעפאָרען אויף אונזער קאָלאָסאַלען פּיקניק. דע מאַין האָט געהאַנדעלט א גרויסע מציאה און זי וועט זיכער מוזען אוועקשטעלען א גאָלדענע מצבה דעם אָרטיגען גאון, וואָס האָט איהר ארויסגעשלעפּט פון אזא צרה. אמת, דע מאַין האָט געמוזט באַצאָלען פאַר אונזערע שיפלאַך; מיר האָבען טאַקע

אויפגעגעסען זעקס־און־זעכציג טויזענט סעודות נעבען דער אויווען־פאַבריק; מיר האָבען אפילו מיטגענומען נאָך צוועלף טויזענט פּאַרציעס, אוים פאַרזיכטיגקייט ניט צו שטאַרבען פון הונגער ער־גען אין דער ווילדערניש; נאָר, באַרעכענט אליין, וואָס דע מאַין וואָלט געוועזען געמוזט פּטר׳ן, ווען מיר בלייבען דאָרטען עלף חדשים אנשטאָט עלף טעג. און ווען מיר האָבען זיך אָפּגעזעגענט, האָבען מיר געזאָגט, אז מיר קערען זיך אום צוריק אין שטאָט אויב דאָס וואַסער וועט אונז ניט קענען פירען.

ס׳איז געוועזען א מייערער איינפאַל, וואָס מיר האָבען מיט־גענומען מיט זיך די צוועלף טויזענט פּאַרציעס, און די שפּייז־משגיחים האָבען דערפון זיכער הנאה געהאַט; ווייל טאַקע באַלד איז די שפּייז־קאַמער אויסגעטריקענט געוואָרען, נאָר מיין שיפעל, אלענפאַלס, האָט זי שוין מעהר קיינמאָל ניט געזעהען. די אָרדנונג לויט די ראַטעס איז באַלד צושטערט געוואָרען און די גאַנצע רייזע האָבען מיר זיך שוין געשלעפּט אין אומאָרדנונג. אין יעדען מענש־ליכען געזעמעל קען מען שטענדיג געפינען א געוויסען פּראָצענט פּויליאַקעס, הילפלאָזע, געוואוינליכע און ענערגישע. אין מיין שי־פעל זיינען געוועזען צען מענשען, די סמעטענע פון דער ראַטע 5. יעדער מענש ביי אונז איז געוועזען ענערגיש. מיך האָט מען אריינ־גענומען צווישען אַט די צען חברה צוליב צוויי אורזאַכען. ראשית בין איך געוועזען אזוי גוט און ענערגיש ווי יעדער טרעמפּ און צוויי־טענס, האָב איך עפּעס געהייסען מאַטראַז דזשעק. איך האָב גע־וואוסט, וואָס א שיפעל איז און טאַקע געקענט פאָרען מיט א שי־פעל. אונזערע צען חברה האָבען גלייך פאַרגעסען די איבריגע פערציג מאַן פון דער ראַטע 5. און ווען מיר זיינען איינמאָל גע־בליבען אַהן עסען האָבען מיר פאַרגעסען צו ס׳איז גאָר דאָ א שפּייז־קאַמער אויף דער וועלט. מיר זיינען געוואָרען זעלבסט־שטענדיג. מיר האָבען זיך א לאָז געטאָן אראָפּ מיט׳ן טייך אונ־טעראייל׳ענדיג אונזערע חברים, איבער געיאָגט יעדער שיפעל און (וועה צו מיר! איך מוז זיך מודה זיין!) מיר האָבען אָפּט צור־

געגומען אלע זאפאסען, וואס די פארמערס האבען אנגעגרייט פאר דער גאנצער ארמעע.

א היבשע טייל פון אונזער רייזע האבען מיר זיך געהאלטען אויף האלבען טאג אדער א טאג פאראויס פון דער גאנצער ארמעע. מיר האבען ערגעץ געקראגען עטליכע אלטע אמעריקאנער פאנען. זיינען מיר צוגעקומען צו א שטעטעל אדער ווען מיר האבען דער־זעהן א גרופע פארמערס אויף'ן ברעג האבען מיר גלייך אויפגע־צויגען די פאנען, זיך ערקלערט פאר דער „פעדערשטער שיף" פון דער ארמעע און זיך נאכגעפרעגט ווי פיל פראוויזיע זיי האבען צוזאמענגעקליבען פאר דער ארמעע. מיר זיינען, פארשטעהט זיך, געווען די פארשטעהער פון דער ארמעע און מען פלעגט אונז איבער־געבען די פראוויזיע. קלייגליך זיינען מיר אבער קיינמאל ניט גע־ווען. מיר האבען קיינמאל ניט גענומען מעהר ווי פיל מיר האבען געקענט דערטראגען. נאר נעמען פלעגען מיר די סמעטענע פון יע־דער זאך. למשל, האט א פילאנטראפ א פארמער מנדב געווען פאר עטליכע דאלאר טאבאק האבען מיר איהם גאנץ פיין צוגענומען. אויף פוטער, צוקער, קאפע און קאנסערווירטע שפייז זיינען מיר אויך געווען בעלנים; ווען אבער מען פלעגט אונז צוברייננגען עט־ליכע זעק פאטאלים אדער מעהל, אדער גאר א צוויי דריי געקוילעטע אקסען, פלעגען מיר דערצו זיך אפילו ניט צורירען, און פארען ווייטער, באפוילענדיג דאס איבערצוגעבען דער אינטענדאנטסטווע, ווען זי וועט צוקומען מיט איהר שיפעל אויף וועלכען זי פארט אונז שטענדיג נאך...

גאט מיינער! אונזער צענדלינג האט באמת דעמאלט געלעבט אויף'ן שענסטען און בעסטען. א שטיק צייט האט גענעראל קעללי געמאכט פראבעס אונז אריבעריאגען, ס'האט זיך איהם אבער ניט איינגעגעבען. ער האט ארויסגעשיקט צוויי חברה־לייט אין א גרינג שיפעל מיט א קיילעכדיגען דעק אונז איבערצויאגען און איינ־מאל איבער אלע מאל מאכען א סוף צו אונזער גזלנישער קאריערע. די צוויי חברה האבען אונז טאקע איבערגעיאגט, אבער וואס האבען זיי מיט אונז געקענט מאכען? זיי זיינען געווען צוויי און

מיר זיינען געווען צען. גענעראל קעללי האָט זיי באַפּאָלמעכטיגט אונז צו אַרעסטירען, אַזוי האָבען זיי אונז טאַקע געזאָגט. ווען מיר האָבען זיי געענטפערט, אַז מיר האָבען בכלל ניט בדעה צו ווערען אַרעסטאַנטען, האָבען זיי זיך אַ לאָז געטאָן פאַראויס, צום ערשטען שטעטעל, כדי רופען צו הילף די געזעצמעסיגע מאַכט. לאָזען מיר זיך באַלד צום ברעג, קריכען אַראָפּ, קאָכען אָפּ אַ פריש װעטשערע, און ווען ס'איז גוט פינסטער געוואָרען לאָזען מיר זיך ווידער אַוועק מיט'ן שיפעל און שווימען פאַרביי אי דאָס שטע־טעל אי די געזעצמעסיגע מאַכט.

איך האָב געפירט אַ טאָגע־בוך, הגם, ניט אַזוי רעגולאַר. וואו איך עפען איהם ניט אויף וואַרפט זיך מיר באַלד אין די אויגען די פראַזע: „מיר לעבען אויסגעצייכענט". מיר האָבען באמת געלעבט אויסגעצייכענט. ס'פלעגט אונז שווין אפילו ניט אָנ־שטעהן צו טרינקען קאַפע, געקאָכט אין וואַסער. קאַפע פלעגען מיר אויפקאָכען נאָר אין מילך. געהייסען האָט ביי אונז אָט דער וואונדערליכער געטראַנק, אויב איך האָב קיין טעות ניט, די „בלאַ־סע וויען".

אָט אַזוי זיינען מיר אַלץ געפאָרען פאַראויס, אַראָפּגענומען די סמעטענע אומעטום, דאָס פּראָוויאַנט־שיפעל איז ערגעץ פאַר־לאָרען געוואָרען הינטען און די הויפּט אַרמעע, וואָס איז געפאָרען אין דער מיט, איז געשטאָרבען פון הונגער. איך בין זיך מודה, אַז די אַרמעע האָט נעבעך זעהר געליטען; נאָר אונזערע צען זיינען אָבער געווען אינדיווידואַליסטען. מיר זיינען געווען ענערגישע חברה־לייט און האָבען געהאַט איניציאַטיווע. מיר האָבען געגלויבט באמונה שלומה, אַז די שפּייז געהער צו יענעם, וואָס קומט נאָך איהר פריער, די בלאַסע וויען — צום שטאַרקען. אַכט־און־פערציג שטונדען נאָכאַנאַנד האָט די אַרמעע קיין ביסען אין מויל ניט געהאַט; ענדליך איז זי געקומען אין אַ קליין שטעטעל פון אַ דריי הונדערט איינוואוינער; דעם נאָמען פון אָט דעם שטעטעל געדיינק איך שוין ניט, הגם מיר דוכט, ס'האָט געהייסען רעד ראָק. דאָס שטעטעל האָט געטאָן, וואָס אַלע אַנדערע שטעטלאַך, דורך וועלכע

די אָרמעע איז דורכגעגאַנגען, האָבען געטאָן: עס האָט ערוועלט א זיכערהייטס־קאָמיטעט. ווען מיר רעכענען פינף פאַרשוין אויף א פאַמיליע — זיינען דאָרטען סך־הכל געווען זעכציג פאַמיליעס. דעם קאָמיטעט פונ׳ם שטעטעל איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען. ווען ער האָט דערזעהען אזא מחנה הונגעריגע טרעמפּס אויסשטעלען די שיפלאַך ביים ברעג. דריי שורות איינע נאָך דער אַנדערער. גענעראַל קעלליע איז געווען אַן אָרענטליכער מענש. ער האָט כלל ניט בדעה געהאַט א תל מאַכען פונ׳ם שטעטעל. ער האָט אפילו ניט ערוואַרטעט, אז זעכציג פאַמיליעס זאָלען צושטעלען צוויי טויזענט פּאַרציעס. און א חוץ דעם האָט די אָרמעע געהאַט אַן אייגענע קאַסע.

דער זיכערהייטס־קאָמיטעט האָט אָבער פאַרלאָרען דעם קאָפּ פאַר שרעק. „קיין ערמוטיגונג צום אריינדרינגער“, איז געווען זיין פּראָגראַם, און ווען גענעראַל קעללי האָט געוואָלט קויפען שפּייז, האָט איהם דער קאָמיטעט ניט געוואָלט פאַרקויפען. ער האָט גאָר ניט געהאַט צו פאַרקויפען; ביי זיי אין כרך איז גענעראַל קעללי׳ס געלט ניט געגאַנגען. ערשט נאָכדעם האָט גענעראַל קעללי באַשלאָסען עטוואָס צו טאָן. מען האָט א טרובע געטאָן. די אָרמעע האָט פאַרלאָזט די שיפלאַך, ארויף אויפ׳ן ברעג און זיך אויסגעשטעלט אין פולער קריגס־אָרדנונג פאַר׳ן קאָמיטעט אין די אויגען. די רעדע פון גענעראַל קעללי איז געווען קורץ:

„חברה“, זאָגט ער, ווען האָט איהר דאָס לעצטע מאָל געגעסען?“

„אייערנעכטען“, האָבען זיי אויסגעשריען.

„זענט איהר הונגעריג?“

א קרעפטיגע באַשטעטיגונג פון צוויי טויזענט העלזער האָט צוטרייסעלט די לופט. און גענעראַל קעללי דרעהט זיך אויס צום זיכערהייטס־קאָמיטעט און זאָגט:

„איהר זעהט, מיינע הערען, די לאַגע? מיינע מענשען האָבען גאָרניט געגעסען אכט־און־פערציג שעה נאָכאַנאַנד. לאָז איך זי אָפּ אויפ׳ן שטעטעל בין איך ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר קיין זאַך.

זיי זיינען געפערליך. איך האָב ביי אייך געוואָלט קויפען שפּייז פאר זיי, האָט איהר מיר ענטזאָגט. איצטער ציה איך צוריק מיין אנבאָט. איצט פאָדער איך. איהר האָט פינף מינוט צייט צו באַשליסען. אָדער קוילעט זעקס אָקסען און גיט מיר פיר טויזענט פּאָרציעס, אָדער איך לאָז אָפּ מיינע חברה. פינף מינוט, מיינע הערען".

דער צושראָקענער זיכערהייטס-קאָמיטעט האָט א קוק געטאָן אויף די צוויי טויזענט הונגעריגע טרעמפּס און האָט זיך אונטערגעגעבען. ער האָט שוין ניט געווארט קיין פינף מינוט. ער האָט מורא געהאט נעמען אויף זיך די אחריות. מען האָט געקוילעט די אָקסען צוגעגרייט די נויטיגע צאָל פּאָרציעס און די ארמיי האָט געגעסען ווארעמעס.

און די גאָטלאָזע אינדיווידואַליסטען האָבען זיך געטראָגען אלץ ווייטער און ווייטער, און האָבען אויפגעקליבען, וואָס נאָר זיי האָבען געזעהען. נאָר גענעראַל קעללי האָט אונז אָבער אויך צורעכט געמאַכט. ער האָט ארויסגעשיקט שלוחים אויף פערד אויף ביידע ברעגען פון'ם טייך און צופּויקט ווענען אונז אומעטום, צווישען די פּאַרמערס און שטאָטיגע איינוואוינער. נישקשה, זיי האָבען זייער ארבייט געטאָן גרונטליך. און די פּאַרמערס, וואָס פלעגען אונז פריער באַגעגענען אזוי גאַסטפריינטליך, האָבען שוין איצטער אויף אונז ניט געוואָלט קוקען. זיי פלעגען שוין איצטער אנרייצען אויף אונז די הינט אָדער ארויסשיקען דעם קאָנסטאַבל, ווי נאָר מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביים ברעג. צוויי הינט זיינען מיך אַמאָל באַפאַלען און צווישען מיר און דעם טייך איז געווען א פלויט פון שפּיציגען דראָט. איך האָב דעמאָלט געטראָגען צוויי קעסעלאַך מיט בלאָסע וויען. דעם פלויט האָב איך גאָר ניט געשעדיגט... נאָר קאַפּע האָבען מיר דעמאָלט געטרונקען פלעבעאישע, אויפגעקאָכט אין וואולגאַרער וואַסער, און איך האָב געמוזט פּאַרקאַטשען די פיס אויף די פּלייצעס און געהן זוכען אן אנדער פּאָר פּליודערן. איך ווייס ניט, ליעבער לעזער, צי דיר איז אַמאָל אויסגעקומען אין איילעניש אריבערצושפּרינגען א פּלויט פון שטע־

ביגען דראַט. פון יענעם טאָג אָן האָב איך שטענדיג א פאראורטייל געגען שטעכיגען דראַט, און איך האָב צוזאַמענגעקליבען סטאַטיסטיק מכח דעם ענין.

זינט גענעראַל קעללי האָט צושיקט אַט די שלוחים פּאַראויס פאר אונז, האָבען מיר שוין קיין אָרענטליכען לעבען ניט געקאָנט מאַכען. קערען מיר זיך אום צוריק צו דער ארמעע און מיר בורען אויף א רעוואָלוציע. עס איז טאַקע געווען איבער א קליינינקייט, נאָר ס׳האָט חרוב געמאַכט די גאַנצע ראָטע ל. פון דער צווייטער דיוויזיע. דער קאַפּיטאַן פון דער ראָטע ל. האָט זיך ענטזאָגט אונז צו אנערקענען; געזאָגט, אַז מיר זיינען דערזערטירען, פּאַרדעטער, און זשוליקעס; און בעת ער פלעגט נעמען די פּאַרציעס פון דער אינטענדאַנטסטוואָ פאר דער ראָטע ל. האָט ער אונז ניט געגעבען אפילו א לעק. דער קאַפּיטאַן האָט אונז ניט ריכטיג אָפּגעשאַצט, אלא ניט וואָלט ער אונז ניט געווען ענטזאָגט קיין שפּייז. רעדען מיר זיך געהיים צונויף מיט׳ן ערשטען ליוטענאַנט, און ער געהט אַריבער אויף אונזער זייט מיט אַלע זיינע צעהן מענשען, וואָס זיינען ביי איהם אין שיפעל. מיר ערוועהלען איהם אַלס קאַפּיטאַן פון דער ראָטע מ. ווען דער קאַפּיטאַן פון דער ראָטע ל. האָט דאָס דערהערט, האָט ער געמאַכט אַ גרויס געפּילדער. הכלל, ס׳איז אַראָפּגעקומען צו אונז גענעראַל קעללי, פּאָלקאָווניק ספּיד און פּאָלקאָווניק בייקער. אונזערע צוואַנציג חברה האָבען זיך געהאַלטען פעסט, און אונזער רעוואָלוציע איז באַשטעטיגט געוואָרען.

נאָר מיט דער אינדענדאַנטסטווע האָבען מיר זיך שוין מעה״ר ניט אָנגעקעהרט. קיין פּעפּערס זיינען אונזערע חברה ניט געווען און אונזערע פּאַרציעס פלעגען מיר קריגען דירעקט פון די פּאַרמערס. אונזער נייער קאַפּיטאַן אָבער האָט צו אונז קיין צוטרויען ניט געהאַט. ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט ווען ער וועט אונזער צענדליג נאָכאַמאָל זעהען. איינמאָל א פרימאָרגען ווען מיר האָבען געוואָלט אוועק, רופט ער אריין א שמיד ער זאָל איהם באַפעסטיגען זיין קאַפּיטאַן ראַנג. נעבען רודער פון אונזער שיפעל אויף ביידע זייטען האָט ער געהייסען אַריינקלאַפּען צוויי גראָבע אייזערנע רינגען.

אויף דער נאָז פון זיין שיפעל האָט דער שמיד צוגעקלאַפּט צוויי גרויסע אייזערנע קרוקעס. מען האָט צוזאַמענגעשטעלט די שיפ־לאַך, צוגעשטעפּעט די קרוקעס צו די רינגען און אונזערע שיפלאַך זיינען שוין אַזוי געבליבען איינס נעבען אַנדערן. אונז האָט מען אָבער ניט געקאָנט בויגען. טאַקע פון אונזערע קייטען גופא האָבען מיר געמאַכט אַזאַ ערפינדונג. וואָס האָט אונזער שיפעל אוועק־געשטעלט העכער פון יעדער אַנדער שיפעל אין דער גאַנצער פלאָ־טיליע.

ווי אַלע גרויסע ערפינדונגען, איז אונזער ערפינדונג געקומען גאַנץ צופעליג. מיר האָבען זי ענטדעקט ווען מיר זיינען מיט אונ־זערע שיפלאַך אַרויף אויף אַ אונטער־וואַסער בוים אין אַ שטיקעל שטראָם. דאָס פאָדערשטע שיפעל איז אַרויף אויפ'ן בוים און האָט זיך פאַרטשעפּעט, דאָס הינטערשטע שיפעל האָט זיך געדרעהט אינ'ם שטראָם מיטגעשלעפּט דאָס פעדערשטע אַרום דער בוים ווי אַרום אַ צאַפּען. איך בין געזעסען ביים רודער אין הינטערשטען שיפעל און געררודערט. ווי פיעל מיר האָבען זיך ניט געמוטשעט אַראָפּ פונ'ם בוים האָבען מיר ניט געקענט. היים איך די מענשען פונ'ם פעדערשטען שיפעל אַריבערגעהן צו אונז. פאָלגען זיי מיר, און זייער שיפעל גליטשט זיך גלייך אַראָפּ פונ'ם בוים, און זיי געהן צוריק אַריבער צו זיך אין שיפעל. נאָך דעם האָבען מיר שוין קיין מורא ניט געהאַט פאַר קיין אונטער־וואַסער בוימער, פאַר קיין שטיינער אָדער זאַמדיגע בערגלאַך. ווי נאָר דאָס פעדערשטע שיפעל האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן עפּעס זיינען די מענשען גלייך אַריבער צו אונז אין שיפעל. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס פע־דערשטע שיפעל איז אַריבער די שטערונג און אונזער שיפעל האָט זיך פאַרטשעפּעט. ווי אויטאָמאַטען שפּרינגען אַלע צוואַנציג מענ־שען אַריין אינ'ם פעדערשטען שיפעל און דאָס הינטערשטע שיפעל ווערט אויך באַפרייט.

די שיפלאַך פון דער אַרמיי זיינען געווען אַלע גלייך, צונויפגע־קלאַפּט און אַרומגעזעגען. זיי זיינען אַלע געווען פלאַך און פיער־עקיג. יעדער שיפעל איז געווען זעקס פוס די ברייט, צעהן פוס די לענג

און אנטערטהאלבען פום די טיעף. און ווען מען האט צוזאמענגע־שלאסען אונזערע צוויי שיפלאך, בין איך געזעסען ביים רודער פון א גאנץ היבשער שיף; צוואנציג חברה האבען געארבייט מיט די וועסלעס; אחוץ דעם האבען מיר נאך געהאט אן אייגענע אינטענ־דאנטסטווע, א קיך מיט אלערליי כלים און א היבשע ביסעל קאל־דערעס.

נאר גענעראל קעללי האט נאך אלץ פון אונז געהאט צו זינגען און צו זאגען. די שלוחים אויף די פערד האט ער שוין געהאט צור־ריקגערופען, נאר אויף זייער פלאץ האט ער ארויסגעשיקט דריי פאליציי־שיפלאך. זיי האבען געדארפט פארען פאראויס, פאר אלע־מען, און ניט דערלאזען קיין אנדערע שיפלאך פארביי זיי דורכ־פארען. די שיפלאך פון דער ראטע מ. האבען זיך געהאלטען איז איין שפארען צו די פאליציי־שיפלאך. מיר וואלטען זיי געוועזן לייכט געקענט אריבעריאגען איז דאס אבער געגען געזעץ. מוזען מיר זיך, נעבעך, האלטען צוריק אויף אן אנשטענדיגער שטרעקע און ווארטען. געוואוסט האבען מיר, אז אראפ נידעריגער ארום טייך ליגט א אומבאריהרטע פארמער לאנד, וואו מען האט נאך קיין מאל ניט געבעטעלט, און וואו מענשען האבען א ברייטע האנט; נאר מיר האבען פונדעסטוועגען געווארט. וואס מיר האבען גע־דארפט איז ווייסע וואסער, פינע, און ווען מיר האבען פון דערווייטען דערזעהען א שטראם, האבען מיר שוין געוואוסט, וואס עס וועט שוין פאסירען. קנאק! דאס ערשטע פאליציי־שיפעל איז ארויף אויף א שטיין און איז געבליבען שטעהן. האק! דאס צווייטע פאליציי־שיפעל האט זיך פארטשעפעט. האפ! דאס דריטע פאליציי־שיפעל איז אויך דא. פארשטעהט זיך, אונזער שיפעל איז זיך אויך אזוי נוהג; אבער, איינס און צוויי געהן די חברה אריבער פונ'ם פעדערשטען שיפעל אינ'ם הינטערשטען; איינס און צוויי לויפען זיי צוריק אריבער אינ'ם פעדערשטען שיפעל; און קוים וואס מען באמערקט מיט'ן אויג, אהא — די חברה, וואס זיינען געזעסען אינ'ם הינטערשטען שיפעל זיצען שוין ווידער דארט און מיר פליהען שוין ווייטער.ווארט אויס, איחר אזוינע און אזוינע!" שרייט מען

פון די פּאָליציי־שיפלאַך. „ווי קענען מיר וואַרטען? שרייט אויפ׳ן טייך״! מיר זיינען ניט שולדיג, שרייען מיר צוריק קלאָמפּערשט מיט האַרץ־קלעמעניש און דער שטראָם טוהט אונז אַ כאַפּ אויף און אַ טראָג ווייט אין יענעם גאַסטפריינדליכען פאַרמער־לאַנד, וואו מיר פילען ווידער אַן אונזער פּריוואַטע אינטענדאַנטסטווע מיט דער סאַמע סמעטענע פון אַלע נדבות. ווידער טרינקען מיר בלאַסע וויען און גלויבען, אַז די שפּייז קומט טאַקע אונז, אַז מיר האָבען עס טאַקע כשר פאַרדינט.

אַרעמער גענעראַל קעללי! ער איז ווידער געפאַלען אויף אַ פּלאַן. די גאַנצע פלאָטע איז אַרויסגעפאָרען פאַר אונז. די ראָטע מ. פון דער צווייטער דיוויזיע האָט געמוזט פאַרנעמען, לויט דער אָרדנונג, דעם סאַמע לעצטען פּלאַץ. ס׳האָט אָבער סך הכל גע־דויערט איין טאָג און דער גאַנצער פּלאַן זיינער איז צונישט געוואָ־רען. פינף־און־צוואַנציג מייל, די סאַמע ערגסטע טייל פונ׳ם טייך, שטיינעריג און שטראָמיג, האָבען מיר נאָך געדאַרפט דורכפאָרען. דאָס איז טאַקע געווען יענער טייל פון טייך, וואָס האָט אַרויסגערי־פען אַ צווייפעל אין די מחות פון די אַלטע איינוואוינער פון דע מאָין. זיי האָבען ניט געגלויבט, אַז מיר זאָלען דאָס קענען דורכ־פאָרען. כמעט צוויי הונדערט שיפלאַך זיינען פאַר אונז אין אָט דעם וואַסער אַריינגעפאָרען, און זיינען דאָרט פאַרהאַקט געוואָרען אויפ׳ן סאַמע וואונדערבאַרסטען אופן. פון אָט די שטיינער און זאַמד־בערגלאַך האָט מען זיך ניט געקענט אַרויסדרעהן סיידען אַרויף אויפ׳ן ברעג און שלעפּען די שיפלאַך אויף דער יבשה. מיר האָבען זיך פון זיי ניט אויסגעדרעהט. מיר זיינען זיי אַריבער־געפאָרען. איינס און צוויי, אויפ׳ן פעדערשטען שיפעל, אויפ׳ן הינטערשטען, נאָכאַמאָל אויפ׳ן פעדערשטען און ווידער אַמאָל אויפ׳ן הינטערשטען שיפעל. יענע נאַכט זיינען מיר אוועק שלאָפען אויף דער יבשה אַליין, און דעם גאַנצען צווייטען טאָג האָבען מיר זיך אַרומגעשלייעט אין לאַגער. די אַרמיי נעבעך האָט געמוזט האַרע־ווען מיט׳ן ביטערען שוויים, אויספאַריכטען די לעבער, און זיך ווייטער שלעפּען ביז זי האָט אונז דעריאָגט.

ווער האט זיך דאס געקענט ספראווען מיט אונזער פלינקייט! מיר האבען אויפגעשטעלט א מאסט, אנגעצויגען די לייווענט (קאל־דערעס) און געפארען סך הכל עטליכע שטונדען א טאג; און די ארמיי, נעבעך, האט געמוזט הארעווען גאנצע טעג און א שטיק אין דער נאכט כדי אונז כאטש כאפען מיט'ן אויג, ניט צו פארלירען אונז אינגאנצען. דאמאלט האט גענעראל קעללי זיך א נעם געטאן צו דיפלאמאטיע. קיין שיפעל טאר אונז שוין מעהר ניט א ריהר טאן. מיר זיינען געווען די היציגסטע פון אלע, וואס זיינען געפארען אויפ'ן טייך דע מאין. די פאליציי־שיפלאך האט מען אפגעשאפט. אויף אונזער שיפעל איז ארויף פאלקאווניק ספיד, און מיר האבען געהאט די עהרע מיט אזא בארימטען אפיצער די ערשטע אריינקומען קיין קעאקאק, וואס ליגט ארום טייך מיסיסיפי. אין אט דא וויל איך טאקע זאגען צו גענעראל קעללי און פאלקאווניס ספיד: אט האט איהר מיין האנט! איהר זענט געווען העלדען. איהר ביידע, איהר זענט געווען מענשען! און איך האב חרטה, אמווינציגסטען אויף צעהן פראצענט צרות, וואס דאס פעדערשטע שיפעל פון דער ראטע מ. האט אייך פארשאפט.

נעבען קעאקאק האט מען אלע שיפלאך צוזאמענגעשלאסען אין א מין פליט. א טאג א גאנצען האבען אונז די ווינטען געשטערט אין אונזער רייזע, נאכדעם האט א דאמף־שיף אונזער פליט צוגעטשעפעט צו זיך מיט א שטריק און אונז צוגעפירט ביז קווינסי, אילינאאיז. דארט האבען מיר צושטעלט אונזער לאגער אויף גוז־איילענד. דעם געדאנק צו פארען אויפ'ן פליט האבען מיר זיך דא באלד ארויסגעשלאגען פונ'ם קאפ. מען האט די שיפלאך צוזאמענגעשלאסען אין קליינע גרופעס צו פיער אין א גרופע. עמיצער האט מיר געזאגט אז קווינסי איז דאס רייכסטע צווישען אזעלכע שטעטלאך איבער אלע פאראייניגטע שטאאטען. אז איך האב דאס דערהערט, האט מיך באלד אנגענומען א מסוכנ'ער חשק א קאטשע טאן דארטען אביסעל די פיס. קיין איין אמת'ער פראפעסיאנעלער טרעמפ וואלט ניט פארביינגעלאזט אזא שטעטעל מיט אזוי פיעל האפענונגען. פאר איך אריבער דעם טייך אין עפעס א קליין מול־

טערל צום ברעג און שטייג אַפּ אין קווינסי. נאָר צוריק בין איך שוין צוגעפאָרען אין א גרויסער שיף אָנגעפּיקעוועט מיט כל טוב. פאַרשטעהט זיך, דאָס געלט, וואָס איך האָב אויסגעבעטעלט, האָב איך איינגאַנצען געלאָזט פאַר זיך. איך האָב נאָר דערפון באַצאָלט פאַר'ן שיפעל. איך האָב אויך, פאַרשטעהט זיך, אויסגעקליבען דאָס בעסטע אונטערוועש, זאָקען, צוגעטראָגענע מלבושים, העמדער, שיך און היטלען; און ווען די ראַטע מ. האָט געזעהען ווי פיעל זי האָט נאָר געוואָלט, איז נאָך איבערגעבליבען אַ גאַנץ בכבוד'יגער בארג מיט מציאות פאַר דער ראַטע ל. וועה! בין איך דאַמאָלט געווען אַ יונגער אויסבערענגער! אַ טויזענט פאַרשידענע „געשיכ־טעס" האָב איך אָפּגעטאָקט פאַר די גוטע מענשען אין קווינסי, און יעדער געשיכטע איז געווען „אגיל ואשמח"; וואו נעמט מען איצט די אַמאָליגע פעהיגקייטען אָפּדערצעהלען אַ זאַך אזוי קיילעכ־דיג, אזוי לעבעדיג ווי אַמאָל, אין קווינסי, אילינאָיז!

אין האַניבאַל, מיזורי, איז אונזער אומבאַזיגבארער צענדלינג צופאַלען געוואָרען אויף ברעק־פּיצלאַך. מיר האָבען דאָס דוקא ניט געפּלאַנעוועט. מיר האָבען זיך צושייט גאַנץ נאַטירליך. איך און דער קעסעל־מאַכער האָבען שטילערהייט דעזערטירט. דעם זעלבי־גען טאָג האָבען סקאַטי און דייווי אויך אריבערגעטאַנצט צום אי־לינאָיז ברעג; מאַק־אוואַי און שיף האָבען זיך אויך אָפּגעטראָגען. האָבען מיר אַ חשבון פון זעקס פון אונזער צענדלינג; וואָס די איבריגע פיער חברה האָבען געטאָן — ווייס איך ניט. אַט דאָ וועל איך ברייננגען אַ פּאָר ציטאַטען פון מיין טאָגע־בוך, וואָס איך האָב געפיהרט נאָך מיין פליטה פון דער אַרמיי.

„פרייטאָג דעם 25טען מאַי. איך און דער קעסעל־מאַכער זיינען אוועק פונ'ם לאַגער, אַריבער דעם טייך אין אַ קליין שיפעל אויפ'ן אילינאָי־ברעג; געגאַנגען צופוס אַ זעקס מייל איבער די רעלסען פון דער ק. ב. און קיו. ליניע ביז צו פעלל־קריק. מיר זיי־נען אַראָפּ פון אונזער וועג און אוועק אַ זעקס מייל ערגעץ אין אַ זייט. נאָר מיר האָבען זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ וואַבאַש־צוג און גע־פאָרען אַ זעקס מייל ביז דער סטאַנציע הול. דאָרטען האָבען מיר

באגעגענט מאק־אוואי׳ען, פיש׳ן, סקאטי׳ן און דייווי׳ן, וועלכע האָ־בען אויך אפגעצווייגט פון דער ארמיי״.

„שבת, דעם 26טען מאי. ארום צוויי א זייגער פארטאג האָ־בען מיר זיך ארויפגעכאפט אויף א צוג פון דער הארמאטען־קויל ליניע בעת ער האָט זיך אביסעל איינגעהאלטען פאר א שיידע־וועג. סקאטי׳ן און דייווי׳ן האָט מען ארונטערגעווארפען. שפּעטער־צו האָט מען אונז פיער׳ן אויך ארונטערגעווארפען נעבען די בלאַפּס, א פערציג מייל ווייטער. נאכמיטאג האָבען מאק־אוואי און פיש זיך ארויפגעכאפּט אויף א פראכט־צוג, בעת איך און דער קעסעל־מאכער זיינען אוועק זוכען עפּעס שפּייז״.

„זונטאג, דעם 27טען מאי. ארום דריי א זייגער האָבען מיר זיך ארויפגעכאפּט אויף א צוג פון דער הארמאטען־קויל ליניע. דארט, אויף א בלינדער פּלאטפארם טרעפען מיר סקאטי׳ן און דייווי׳ן. פארטאג האָט מען אונז אלעמען ארונטערגעווארפען נעבען דזשעקסאנוויל. דאָ לויפט פארביי די ק. און אָ. ליניע און מיר׳ן זיך, מן הסתם, ארויפכאפען אויף א צוג פון אָט דער ליניע. דער קעסעל־מאכער איז ערגעץ אוועק און איז שוין מעהר ניט צוריק־געקומען. מן הסתם נעכאפט א פראכט־צוג״.

„מאנטאג, דעם 28טען מאי. דער קעסעל־מאכער איז טאקע ניטאָ. סקאטי און דייווי זיינען ערגעץ אוועק שלאפען און זיינען ניט געקומען אין צייט; זיי האָבען אנגעווארען דעם ק. ק. 3.30־דיגען פּאסאזשיר־צוג. איך האָב זיך אויף אָט דעם צוג ארויפ־געכאפּט, אפּגעפארען ביז פארטאג, געקומען קיין מייסאן, א שטאָט פון 25 טויזענט איינוואוינער. ארויף אויף אַן אקסען־צוג און אפּ־געפארען די גאנצע נאכט״.

„דינסטאג, דעם 29טען מאי. געקומען קיין שיקאגאָ פונקט זיבען א זייגער אין דער פריה...״

און שפּעטער מיט יאהרען, אין כינא, האָב איך זיך זעהר גע־נומען צום הארצען בעת איך האָב זיך דערוואוסט, אז אונזער מיטעל אריבערצופארען אונטער־וואסער שטיינער—דער מיטעל פון א הין און א הער, פונ׳ם פעדערשטען שיפעל אינ׳ם הינטערשטען

שיפעל און פונ'ם הינטערשטען אינ'ם פעדערשטען — אט דער מי־
טעל, איז גאר ניט אונזער המצאה. איך האב זיך דערוואוסט, אז
טויזענטער יאהר שוין באנוצען זיך די כינעזישע טייך־פישער מיט
אט דעם מיטעל אין פאל פון „שלעכטער וואסער“. נאר מילא צי
מיר האבען דאס ערפינדען צי ניין, א גוטער קונץ איז דאס.



# ב י ק ע ם.

ווען דער טרענפ זאל, חלילה, פלוצלונג פארשוואונדען פון די פאראייניגטע שטאאטען, וואלטען זעהר אסך פאמיליעס דערפון זי־כער געליטען עלענד און נויט. דער טרעמפ גיט א מעגליכקייט טויזענטער מענשען צו ציהען זייער חיונה אויף אן ארענטליכען שטייגער, צו בילדען זייערע קינדער און זיי מדריך זיין אי צו גאט אי צו לייטען. איך רעד ניט פונ'ם וועג. איינמאל איז מיין טאטע געווען א קאנסטאבל און ער פלעגט זיך ארומיאגען נאך טרעמפס צוליעב פרנסה. די קהילה האט איהם געצאלט אזוי פיעל און אזוי פיעל פאר יעדען טרעמפ, וואס ער האט געכאפט, א חוץ דעם פלעגט ער, גלויב איך, קריגען אויך רייזע־קאסטען. די פראגע פון פרנסה איז ביי אונז שטענדיג געווען א הארבע, און דאס שטיקעל פלייש אויפ'ן טיש, די נייע פאר שיך, די פאסיגע קליידונג, אדער דאס טעקסט־ביכעל פאר דער שוהלע זיינען אלע אפגעהאנגען פון מיין פאטערס גליק אינ'ם געיעג. איך געדיינק די צוריקגעהאלטענע נייגעריגקייט און די אומבאשטימטקייט, מיט וועלכע איך פלעג ווארטען אלע פריהמארגען אויף די רעזולטאטען פון זיין באנאכטי־גער פראצע — ווי פיעל טרעמפס ער האט צונויפגעשלעפט און צו איז טאקע א סברה, אז דער ריכטער זאל זיי פאר'משפט'ן. און שפעטער, בעת איך בין שוין אליין געווען א טרעמפ, און ס'איז מיר געלונגען זיך ארויסצודרעהן פון א גזל'נישען קאנסטאבל, האט מיר פשוט וועה געטאן דאס הארץ אויף די קליינע אינגעלאך און מיידע־לאך דארטען ביים קאנסטאבל אין דער היים; מיר האט געדוכט, אז איך באשווינדעל עפעס אט די אינגעלאך און מיידלאך, איך נעם ביי זיי צו זייער עולם הזה.

אַט אַזוי איז דאָס אָבער. דער טרעמפּ טרעט אַרויס געגען דער געזעלשאַפט, און די הינט, די היטער פון דער געזעלשאַפט ציהען פון איהם זייער חיונה. איינינע טרעמפּס האָבען אַליין ליעב אַריינצופאַלען אין די הענט פון אַט די היטער — ספּעציעל ווינ־טער צייט. פאַרשטעהט זיך, אַזעלכע טרעמפּס קלייבען געוועהנט־ליך אויס קהילות, וואו מען צווינגט ניט אַרבייטען און, וואו מען קריגט גוטע שפּייז. ס'זייגען אויך געווען און, מן הסתם זיינען נאָך איצטער אויך דאָ אַזעלכע קאָנסטאַבלס, וואָס צוטיילען מיט'ן טרעמפּ וועמען זיי אַרעסטירען, די באַלוינונג, וואָס זיי קריגען. אַזעלכע קאָנסטאַבלס דאַרפען זיך נאָך קיין טרעמפּס ניט אַרומיאָגען. זיי טוען נאָר אַ פייף, אהא — די חברה זיינען שוין דאָ. ס'איז פּשוט אויף חדושים ווי פיעל געלט מען שפּאַרט אָפּ פון טרעמפּס, וואָס האָבען אַליין ניט קיין פאַרבויגענע פּעני. דורך דעם גאַנצען דרום טייל פון לאַנד — אַמווינציגסטען בעת איך בין געווען אַ טרעמפּ — זיינען דאָ אַרעסטאַנטען־לאַגערס און פּלאַנטאַציעס, וואו די פאַרמערס קויפען אָפּ די צייט פון די פאַר'משפּט'ע טרעמפּס און, וואו די טרעמפּס מוזען פּשוט אַרבייטען. ס'זיינען דאָ ווידער אַזעלכע פּלעצער ווי, למשל, רוטלאַנד, ווערמאָנט, ביי די שטיין־ברוכען, וואו מען עקספּלואַטירט די ענערגיע פון'ם טרעמפּ, וואָס ער האָט אַנגעקליבען אומזיסט דורך געהן אין די הייזער און בעט־לען אויף די גאַסען; אַט די ענערגיע פון די טרעמפּס ווערט אויס־גענוצט טאַקע פאַר דער אָדער יענער קהילה.

איך אַליין וויים, אייגענטליך, גאָר ניט מכח די שטיין־ברוכען אין רוטלאַנד, ווערמאָנט. ס'טוהט מיר ווילד הנאה, וואָס איך וויים גאָר ניט וועגען זיי. ווען איך דערמאָן זיך, ווי נאָהענט איך בין שוין געווען אהין אַריינצופאַלען. וואו מען טוהט ניט אַ וואַרף מיט אַ שטע־קען זיינען פאַראַן טרעמפּס, און פון אַ טרעמפּ אין אינד'אַנאַ האָב איך זיך דערוואוסט וועגען די רוטלאַנדער שטיין־ברוכען. בין איך שוין געקומען קיין ניו־ענגלאַנד האָב איך שטענדיג געהאַלטען אין איין הערען וועגען זיי און דערצו נאָך מיט אַ וואַרנונג וועגען דער סכנה; „זיי דאַרפען מענשען צו האַקען די שטיינער". פלעגען די

פארבייגעהענדע טרעמפס זאגעז; „און קיין טרעמפ פאר׳משפט׳ן זיי ניט ווינציגער ווי אויף ניינציג טעג“. און בעת איך בין גע־קומען קיין ניו־העמפשייר, בין איך שוין געווען אזוי אנגעשראקען מיט אט די שטיין־ברוכען, אז איך פלעג אויסמיידען די אייזענ־באהן־זשאנדארמעריע, „ביקעס“ און קאנסטאבלס; אין מיין לעבען האב איך זיך פאר אט דער חברה ניט אזוי געשראקען ווי איצטער.

עפעס איינמאל א פארנאכט, אין קאנקארד, געה איך צו צום וואקזאל און טרעף דארטען א פראכט־צוג פארטיג אפצופארען. זוך איך אפ א ליידיגען פראכט־וואגאן, עפען אויף די זייטיגע טיר און קריך אריין אינוויינינג. געהאפט האב איך זיך אריבערכאפען ביז אינדערפריה קיין וועיט ריווער. די שטאט איז טאקע אין ווער־מאנט, ניט מעהר ווי טויזענט מייל פון רוטלאנד. נאר פון דארטען וואלט איך זיך א נעם געטאן אין צפון־זייט און אלץ ווייטער אוועק פון דער סכנה. אין וואגאן טרעף איך א „פרעהליך קעצעל“, וואס האט זיך מסוכן דערשראקען ביי מיין אנקומען. ער האט געמיינט, אז איך בין א קאנדוקטאר, און ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז איך בין נאר א טרעמפ, האט ער אנגעפאנגען צו רעדען וועגען די שטיין־ברוכען אין רוטלאנד אלס די סבה פון זיין איצטיגען שרעק. ער איז נאך געווען א אינגער דארפס־בחור, וואס פלעגט א מאל א פאר טאן ערגעץ אויף א קורצער שטרעקע מיט א זייטיגער ליניע.

דער פראכט־צוג טוהט זיך א ריהר. לעגען מיר זיך אוועק אין א ווינקעלע פונ׳ם וואגאן און ווערען אנשלאפען. אין א צוויי אדער דריי שטונדען ארום, נעבען עפעס א סטאנציע, כאפ איך זיך אויף פון עפעס א גערויש; איך טוה א קוק: עס עפענט זיך אויף שטילינקערהייט די רעכטע טיר פונ׳ם וואגאן, דאס „פרעהליכע קע־צעל“ שלאפט. איך טוה זיך אפילו ניט קיין ריהר. איך נעם צו־נויף די וויעס, לאז איבער א קליין שפעלטיקעל אין קוק יואס וועט זיין שפעטער. עס רוקט זיך אריין א לאמטערן, נאכדעם א קאפ פונ׳ם קאנדוקטאר. דערזעהט ער אונז און קוקט אזוי א ווייל. איך ריכט זיך אויף א וויסטען ווילדען סוף אדער לכל הפחות אויס׳ן געוועהנליכען אנפאל. „מיט׳ן קאפ אין ד׳ר ערד, דו זשאבע בן

זשאבע!" אויסגעלאזט האט זיך עס אבער פונקט פארקערט. זעהר פארזיכטיג נעמט ער צוריק ארוים דעם לאמטערן און מאכט צו די טיר שא־שטיל. דאס איז געווען עפעס זעהר אומגעוועהנליך און אויפפאלענד. העך איך זיך ווייטער איין — די טיר רוקט זיך גאנץ וואייכלאך צו צו דער קליאמקע. ער שליסט זי צו אויף א קייטעלע. פון אינוויינינג קען מען זי שוין מעהר ניט עפענען. איין וועג אויף ארויסצוגעהן פלוצלונג איז שוין אפגעהאקט. ניין, דאס געהט ניט. ווארט איך צו א פאר סעקונדען, קריך צו צו דער לינ־קער טיר און טוה זי א פרואוו. די טיר איז נאך ניט געווען ציגע־שלאסען. עפען איך זי אויף, טאנץ אראפ אויף דער ערד און מאך זי צוריק צו. איך קריך אריבער אויף דער צווייטער זייט פונ'ם צוג, קייטעל צוריק אפ די טיר, וואס דער קאנדוקטאר האט צוגע־שלאסען, טאנץ אריין אין וואגאן און מאך זי ווידער צו. איצטער קען מען זיך שוין ווידער באנוצען מיטביידע טירען. דאס „פרעה־ליבע קעצעל" שלאפט נאך אלץ.

דער צוג פאנגט אן צו געהן. ווידער שטעלט ער זיך אפ ביי א סטאנציע. איך דערהער טריט איבער די זאמד־שטיינדלאך. די לינקע טיר פונ'ם וואגאן עפענט זיך אויף ראשינ. עס כאפט זיך אויף דאס „פרעהליבע קעצעל, איך כאפ זיך קלאמפערשט אויך אויף. מיר זעצען זיך אויף און ראטשען אוים אונזערע אויגען אויפ'ן קאנדוקטאר און זיין לאמטערן. ער מאכט ניט קיין הכנות, טרעט צו גלייך צום עסק.

„איך וויל דריי דאלאר", זאגט ער.

מיר שטעלען זיך אויף, געהן צו נעהענטער זיך דורכצושמוע־סען. מיר זאגען, אז מיר וואלטען איהם אודאי געגעבען די דריי דאלאר בכבוד גדול, ערלויבט דאס אבער ניט אונזער ביטער מזל. גלויבט ער אונז ניט, דער קאנדוקטאר. ער פאנגט זיך אן מיט אונז צו דינגען. ער וועט דאס מאכען פאר צוויי דאלאר. באדויערן מיר זעהר אונזער ארעמקייט. מאכט ער אונז א פאר שלא־הכבוד'יגע קאמפלימענטען, רופט אונז זשאבעס בני זשאבעס, און שיקט אונז אפ צו אלדי רוחות. נאכדעם טוהט ער אונז א

סטראשע, אז אויב מיר טוהען ניט א נישטער נאכ'ן געלט, פאר־שליסט ער אונז אין וואגאן, פיהרט אונז צו ביז וועיט ריוועד און גיט אונז דארטען איבער צו דער פאליציי. ער האט אויך געגוי געגערט וועגען די שטיין־ברוכען אין רוטלאנד.

דער קאנדוקטאר קלערט די גאנצע צייט, אז ער האלט אונז רעכט ביי דער טשאפרינע. אליין שטעהט ער דאך ביי איין טיר און די צווייטע האט ער צוגעקייטעלט ערשט מיט עטליכע מינוט פריהער. בעת ער רעדט אזוי וועגען די רוטלאנד שטיין־ברוכען שרעקט זיך דאס „פרעהליכע קעצעל" אזוי איבער, אז ער פאנגט זיך אן צו רוקען צו דער צווייטער טיר. דער קאנדוקטאר צולאכט זיך הויך און ברייטלאך. „יאג זיך ניט אזוי", זאגט ער. „איך האב די טיר צוגעשלאסען אויף יענער זייט נאך ביי דער לעצטער סטאנציע". ער האט אזוי ערנסט געגלויבט, אז די טיר איז טאקע פארשלאסען, אז זיינע ווערטער זיינען געווען איבערצייגענד. דאס „פרעהליכע קעצעל" האט געמיינט, אז דאס איז תורת־לאקשען און ער האט שיער ניט געפלאצט.

דער קאנדוקטאר טראגט אונז אונטער אן אולטימאטום. אדער מיר זאלען איהם גיבען די צוויי דאלאר, אדער ער שליסט אונז איין און אין וועיט ריוועד גיט ער אונז איבער צו דער פאליציי — גע־הייסען האט דאס ניינציג טעג ביי די שטיינער אין רוטלאנד. איצטער, ליבער לעזער, שטעל זיך פאר אויף א מינוט, אז די צווייטע טיר איז טאקע צוגעשלאסען. פארטיף זיך אינ'ם אומזיכערקייט פונ'ם מענשליכען לעבען. צוליעב איין דאלאר וואלט מען מיך גאנץ פיין געווען אוועקגעשיקט קיין רוטלאנד צו פראצעוווען דריי חדשים ווי א שקלאף. אזוי וואלט אויך פאסירט מיט'ן „פרעהלי־כען קעצעל". מיך רעכען ניט אריין, איך בין דאך סיי ווי א פאר־פאלענער; באטראכט נאר דאס „פרעהליכע קעצעל". ער וואלט אפשר נאך אט די ניינציג טעג ארויסגעקומען א לעבענס־לייכגליכער פארברעכער. ער וואלט דאך אפשר דיר אליין דעם קאפ צושפאל־טען און דיך אפשר באראבעוועט פון קאפ ביז די פיס. און אויב

ניט דיך, וואָלט ער מן הסתם אַז אַנדער אומשולדיגען מענשענ'ס פּאַפּ צוּבראָכען.

די טיר איז אָבער ניט געווען צוגעשלאָסען, און נאָר איך אַליין האָב דערפון געוואוסט. איך מיט'ן „פרעהליכען קעצעל" בעטען זיך ביים קאָנדוקטאָר רחמים. איך האָב זיך געבעטען און געקליאַנטשעט גלאַט אַזוי מסתמא אַלס כוואַט. נאָר געטאָן האָב איך דאָס מיט נשמה. איך האָב אָפּגעטאָקט אַ „געשיכטע", אַז אַ שטיינערנע האַרץ וואָלט געדאַרפט געווען צוגעהן. נאָר די געשיכטע האָט אָבער ניט געריהרט דאָס שטיינערנע האַרץ פון אָט דעם געלט־דורשטיגען קאָנדוקטאָר. בעת ער האָט זיך איבערצייגט, אַז מיר האָבען טאַקע ניט קיין געלט, האָט ער פאַרמאַכט די טיר, זי צוגעקייטעלט און האָט אָביסעל צוגעוואַרט טאָמער האָבען מיר איהם גאָר גענאַרט און איצטער וועלען מיר איהם ערשט פאָרלייגען די צוויי דאָלאַר.

ערשט איצטער האָב איך געעפענט אַ מויל. איצט האָב איך **איהם** מכבד געווען מיט זשאַבע בן זשאַבע; אַלע זידעל־ווערטער, וואָס ער האָט גענוצט געגען מיר, האָב איך איהם געשליידערט אין פּנים און נאָך צוגעגעבען אייגענע אַ היבשע ביסעל. איך בין אַליין פון דער וועסט, וואו מענשען קענען זיך גוט זידלען און איכ'ל באַין אופן ניט דערלאָזען אַז עפּעס אַ קרעציגער קאָנדוקטאָר פון אַ נישטיגער, פאַרוואָרפענער, זייטיגער ניו ענגלאַנד אייזענבאַהן ליניע זאָל מיך אריבערשטייגען אין לעבעדיגקייט און קרעפטינקייט פון שפּראַך. אין אָנפאַנג האָט דער קאָנדוקטאָר זיך דערפון אויסגעלאַכט. נאָכדעם האָט ער אַ פּרוּאוו געטאָן מיר ענטפערן. דאָס איז געווען אַ טעות פון זיין זייט. הכלל, איך האָב זיך צולאָזט און איהם איינגעשניטען ביז'ן ביין און די וואונדען איינגעריבען מיט פליגעלדיגע, גליהענדע שטעכווערטלאַך. דאָס איז ניט געווען קיין פאַנטאַסטישער ליטעראַרישער ויכוח; איך בין טאַקע באמת געווען אויסער זיך אויף אָט דער עקעלהאַפטער בריאה, וואָס צוליעב אַ דאָלאַר האָט ער מיך געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַ שקלאַף אויף גאַנצע דריי חדשים. אַ חוץ דעם, מיר איז איינגעפאַלען, אַז ער מיט'ן קאָנסטאַבל טיילען זיך מיט דער באַלוינונג.

נאָר ניש־קשה, איך האָב איהם צורעכט געמאַכט. איך האָב צופּאַסעוועט זיינע געפּיהלען און זיין שטאָלץ פאַר היבשע עטליכע דאָלאַר. פּרוּאווט ער מיך אָנשרעקען, זאָגט, אַז אַט קומט ער אריין אין וואַגאָן און נעמט מיר אַרוים די קישקעס פון׳ם בויך. איך בלייב אָבער ניט הינטערשטעליג, זאָג איהם, אַז איך צוזעץ איהם די מאָרדע אויב נאָר ער פּרוּאווט אריינקריכען אין וואַגאָן. מיין פּאָזיציע ערלויבט דאָס טאָקע צו טאָן, ער זעהט דאָס אַליין. פאַר־שטעהט זיך, אַז די טיר עפענט ער שוין ניט, און ער רופט צו הילף די איבריגע קאָנדוקטאָרען. הער איך ווי זיי ענטפערע און לויפען שוין צו איהם איבער די זאַמד־שטיינדלאַך. און די גאַנצע צייט איז יענע טיר אַלץ אַפּגעקייטעלט און דערפון ווייס קיינער ניט; דאָס „פּרעהליכע קעצעל" איז דערווייל שיער ניט געשטאָרבען פאַר שרעק.

אַך, ס׳אַרא העלד איך בין דאָס געווען — מיט מיין צוריק־טריטס־ליניע הינטער זיך! איך האָב גאָר אַמאָל מכבד געווען דעם קאָנדוקטאָר שוין מיט זיינע חברים צוזאַמען, ביז זיי האָבען ענדליך אַ עפען געטאָן די טיר; אין דער שיין פון די לאַמטערנס, האָב איך דערזעהן זייערע צורייצטע פּנים׳ער. ביי זיי איז די זאַך געווען גאַנץ פּשוט: אין וואַגאָן זיינען מיר ווי אין אַ פּאַסטקע, קומען זיי אַריין און ברעכען אונז אַן די ביינער. טוהען זיי זיך אַ לאָז. בריקען, בריקע איך קיינעם ניט אין פּנים. איך טוה אַן עפען די צווייטע טיר און מיר, איך און דאָס „פּרעהליכע קעצעל", טאַנצען אַראָפּ. די באַנדע טוהט זיך אַ לאָז אונז נאָכלויפען.

טאַנצען מיר אַריבער — אויב איך האָב קיין טעות ניט — איבער עפּעס אַ שטיינערנעם פּאַרקאַן וואוהין מיר זיינען אַריין אָבער געדענק איך זיכער. אין דער פינסטערניש קוליע איך זיך גלייך אַריבער איבער אַ שטיינערנער מצבה. דאָס „פּרעהליכע קע־צעל" פאַלט איבער אַ צווייטען שטיין. מיר הויבען זיך אויף און לויפען מיט אַלע אונזערע כחות דורך יענעם בית־הקברות. די מתים האָבען זיך געמוזט אַ היבשע ביסעל חדוש׳ן אויף אונזער שנעלען לויפען. די באַנדע קאָנדוקטאָרען האָבען אויך אַזוי גע־

קלערט, ווייל ווען מיר זיינען ארויס פון׳ם בית־עלמין און אריבער דעם שליאך אין א פינסטערן וואלד, האָבען זיי אויפגעגעבען זייער געיעג נאָך אונז און זיך צוריק אומגעקערט צום צוג. שפּעטער צו זיינען מיר צוגעקומען צו׳ן א ברונעם פון עפּעס א פּארמער און ס׳האָט זיך אונז פארגלוסט א טרונק וואסער. דערווייל באמערקען מיר אז עפּעס א דין שטריקעל וואס ציהט זיך גלייך אין ברונעם, איז אָנגעטשעפּעט דאָרטען ביי דער זייט. מיר ציהען דאָס ארויף. דאָס איז געווען א גאללאָן־קריגעל פול מיט סמעטענע. אט אזוי נאָהענט בין איך שוין געווען פון די שטיין־ברוכען אין רוטלאַנד, ווערמאָנט.

ווען טרעמפּס לאָזען ארויס א ווארט מכח א שטאָט, אז די „ביקעס בוקצען זיך״, מייד אוים יענע שטאָט, אדער, אויב דו מוזט שוין, נעה זי דורך שאַ־שטיל. עס זיינען דאָ אזעלכע שטעטלאך, וואָס מען מוז שטענדיג דורגעהן שאַ־שטיל. אזא שטעטעל איז טשעיען אויף דער יוניאָן־פּאסיפישער אייזענבאהן ליניע. עס האָט גע׳שם׳ט איבערן גאנצען לאנד — און אלץ צוליעב דזשעף קארר (אויב איך האָב קיין טעות נים). דזשעף קארר האָט מיט׳ן ערשטען בליק דערקענט א טרעמפּ. מיט קיין טרעמפּ האָט ער קיינמאָל נים דעבאַטירט. אָט האָט ער דערקענט דעם טרעמפּ און אָט האָט ער איהם א קנאק געטאָן מיטביידע פויסטען, מיט׳ן פּאָליציי־שטאָק אדער וואָס נאָר ער האָט געהאלטען אין האנט. נאָכדעם ווי ער האָט אזוי גוט מכבד געווען דעם טרעמפּ, האָט ער איהם גאנץ פיין ארויסגעפיהרט פון׳ם שטעטעל און צוגעזאָגט פארבעסערען אויב נאָר ער טרעפט איהם נאָך אמאָל אין שטעטעל. דזשעף קארר האָט פארשטאַנען א געשעפט. קיין צפון, קיין דרום, קיין מזרח, קיין מערב, צו די עקסטע גרעניצען פון די פאראייניגטע שטאאטען (קאנאדע און מעקסיקא אריינגערעכענט), האָבען די געשלאָגענע טרעמפּס געבראכט די ידיעה, אז מען „בוצקעט״ אין טשעיען. צום גליק האָב איך קיינמאָל נים אָנגעטראָפען אָט דעם דזשעק קארר. דורך טשעיען בין איך דורכגעפאָרען אין א זעווערוכע. דאמאָלט זיינען מיט מיר מיטגעפאָרען נאָך פיער־און־אכציג טרעמפּס. מיט

אזא קראפט זיינען מיר געווען גלייכגילטיג כמעט צו יעדער זאך, נאר ניט צו דזשעף קארר. דער נאמען „דזשעף קארר" האט אזוי געווירקט אויף אונזער פארשטעלונגס קראפט, אזוי א תל געמאכט פון אונזער קראפט, אז מיר האבען מורא געהאט ווי פאר'ן טויט איהם צו באגעגענען.

ווען די „ביקעס" זעהען אוים גרייט זיך „בוצקען" לוינט זיך גאר ניט אריין געהן מיט זיי אין קיין משא־ומתן. די בעסטע זאך איז צו אנטלויפען, און שנעל אנטלויפען. ס'האט געדויערט א היבשע שטיקעל צייט ביז איך בין דערפון געוואהר געווארען. נאר גרונטאווגע בין איך די זאך דערגאנגען פון א „ביק" אין דער שטאט ניו יארק. פון יענער צייט אן לויף איך אוטאמאטיש, ווען נאר א „ביק" טוהט זיך א לאז צו מיר. אט דער אוטאמאטישער פראצעס איז ביי מיר געווארען א מין הויפט־פרוזשינע שטענדיג אנגעצויגענע און גרייט זיך פאנאנדערצולאזען. איך וועל דערפון שוין קיינמאל ניט פטור ווערען. אפילו צו אכציג יאהר, אז איך וועל זיך שוין שלעפען אויף קוליעס און ווען א פאליסמאן וועט פלוצלונג זיך א לאז טאן צו מיר, בין איך זיכער, איך וועל א ווארף טאן די קוליעס און אנטלויפען ווי א הירש.

צו דער העכסטער מדרגה אין דער קענטעניש פון די „ביקעס" בין איך געקומען איינמאל עפעס א זומער בייטאג אין דער שטאט ניו יארק. דאס איז געווען עפעס אין א וואך פון ברענענדיגע היצען. איך האב זיך געמאכט א מנהג אינדערפריה צו בעטלען, און נאכמיטאג צו פארברייגנען אין א קליין פארקעל, ביים סאמע ראטהויז און צייטונגס־גאס. טאקע ניט ווייט פון דארטען פלעג איך קענען א מאל קויפען אויף שטופ־וועגעלאך פרישע ביכלאך (וואס זיינען עטוואס באשעדיגט געווארען אין דרוק אדער ביים איינבינדער) פאר א דבר שבוש. א חוץ דעם האט מען אין פארק טאקע געקענט קויפען אייז־קאלטע, סטעריליזירטע מילך און מאס־ליאנקע פאר א סענט א גלאז. יעדען נאכמיטאג פלעג איך זיך אוועקזעצען אויף א באנק, לייענען און זשליאקען מילך. יעדען נאכ־

מיטאָג פֿלעג איך אויסטרינקען פֿון פֿינף ביז צעהן גלעזער מילך. ס'איז דאַמאָלט געווען מסוכן היים.

אזוי בין איך דאַמאָלט געווען אַ געלאַסענער פֿלייסיגער טרעמפּ, וועלכער טרינקט מילך, און זעהט ס'ארא באַלוינונג איך האָב דערפֿאַר באַקומען. איינמאָל אַ נאָכמיטאָג קום איך צו צום פּאַרק מיט אַ פֿרישער בוד־מציאה אונטערן אָרעם און אַ מורא־דיגער דורשט נאָך מאַסליאַנקע אונטער'ן העמד. אויפ'ן מיט גאַס, פּונקט געגענאיבער דעם ראַטהויז האָב איך באַמערקט אַז עולם מענשען. איך לאָז מיך צו דעם מילך־ביידעל, נאָר דער עולם פֿאַר־שטעלט מיר דעם וועג. שטעל איך זיך אָפּ צו געוואָהר ווערען די אורזאַכע פֿון אָט דעם געזעמעל. אין אָנפֿאַנג האָב איך גאָר ניט געקענט זעהן. שפּעטער האָב איך פֿונ'ם קלינגעריי און פֿון די פּאַר בליקען, וואָס איך האָב געכאַפּט, זיך אָנגעשטויסען, אַז דאָס איז אַ באַנדע פּוסט־און־פּאַסניקעס און זיי שפּילען פּי־ווי. אָט די פּי־ווי שפּיעל ווערט ניט ערלויבט צו שפּילען אויף די גאַסען פֿון ניו יאָרק. איך האָב דערפֿון גאָר ניט געוואוסט, איך בין דאָס אָבער באַלד געוואָר געוואָרען. אַרום אַ דרייסיג סעקונדען האָט געדויערט, ביז איך בין געוואָהר געוואָרען וואָס דאָ טוהט זיך. פּלוצ־לונג טוהט איינער פֿון די שפּילער אַ געשריי: „אַ ביק!" די פּוסט־און פּאַסניקעס האָבען גוט פֿאַרשטאַנען זייער עסק. זיי זיינען אַנט־לאָפֿען. איך — ניט.

דער עולם צוגעהט זיך, ווענדט זיך צו די טראָטואַרען פֿון ביידע זייטען גאַס. איך טוה זיך אַ לאָז צום טראָטואַר, וואָס נע־בען פּאַרק. אודאי אַ פּופציג מענשען פֿון אָט דער מענגע לאָזען זיך אַזוי אין דער זעלביגער ריכטונג, נאָר שוין צוואָווארפֿען. איך באַמערק דעם „ביק", אַ גרויסער פּאָליסמאַן אין אַ גרויען קאָסטיום. ער געהט זיך אַזוי אין מיטען גאַס, ניט געאײַלט, ווי ער וואָלט זיך גלאַט אַרומגעשליאַעט. צופֿעליג באַמערק איך ווי ער ענדערט זיין ריכטונג און טוהט זיך אַ לאָז קאָסע צום זעלביגען טראָטואַר, וואו איך געה. אָט אַזוי שפּאַרט ער זיך צווישען דער צוואָווארפֿענער מענגע און איך באַמערק, אַז אונזערע ריכטונגען מוזען זיך דורכ־

שניידען און מיר מוזען זיך באגעגענען. איך פיהל זיך אזוי אומ־
שולדיג, אז ניט קוקענדיג אויף מיין בילדונג אין ביקעס און זייערע
אויפפיהרונגען, האב איך ניט קיין פחד. ס'האט זיך מיר אפילו
ניט גע'חלום'ט אז דער „ביק" שארט זיך דאס צו מיר. איך בין
שוין גרייט געווען, אוים רעספעקט פאר'ן געזעץ, זיך אפשטעלען
און איהם לאזען פארבייגעהן. איך האב זיך טאקע אפגעשטעלט,
נאר ניט מיט מיין גוטען ווילען. פלוצלונג, אהן דער מינדסטער
ווארנונג האט דער „ביק" מיר א קלאפ געטאן מיט ביידע הענט
גלייך אין ברוסט. בעת מעשה האט שוועבעל און פעך א שאט גע־
טאן פון זיין מויל אויף מיינע אבות־אבותי.

מיין גאנצע פרייע אמעריקאנער בלוט האט אויפגעזאטען. אלע
מיינע פרייהייטס־ליבענדע עלטערן האבען אין מיר אויפגעשריען.
„וואס איז דאס ?" פרעג איך איהם. איהר פארשטעהט, איך האב
געפאדערט אן ערקלעהרונג. איך האב זי טאקע באקומען. קנאק !
ער לאזט אראפ זיין פאליציי־שטאק סאמע אויף מיין מח און איך
טוה זיך א וואקעל צוריק אקוראט ווי א שכור, די נייגעריגע פנים'ער
פון די צושויער טוהען זיך פאר מיר א הוידע ווי די כוואליעס פונ'ם
ים, דאס טהייער ביכעל מיינס פאלט ארוים פון אונטער מיין ארעם
גלייך אויף דער ערד און דער „ביק" רוקט זיך נעהענטער צו מיר,
גרייט מיר נאכאמאל אראפלאזען זיין שטאק איבער'ן קאפ. אין
דעם מאמענט פון קאפ־שווינדעל אנטפלעקט זיך פאר מיר א בילד :
דער פאליציי־שטאק לאזט זיך אראפ איבער מיין קאפ היבשע עט־
ליכע מאל ; א צובלוטיגטער, א צוקלאפטער, פול מיט יסורים שטעה
איך אין א פאליציי געריכט ; איך הער, מען באשולדיגט מיך אין
שלעכטער אויפפיהרונג, זגון באנוצען זיך מיט זידעל ווערטער, און
ווערען זיך געגען א פאליציי־באאמטען און אין נאך עטליכע
עבירות, וואס דער סעקרעטאר לייענט פאר ; איך זעה, מען פיהרט
מיך אריבער קיין בלעקוועס־איילענד. אך, איך בין א בקי אין
אט די זאכען. מיט אמאל גלוסטען זיך מיר איבער אלע ערקלע־
רונגען. איך בויג זיך אפילו ניט איין אויפצוהויבען מיין ליעב
אומגעלייענט ביכעל. איך דרעה זיך אום און לויף. איך בין א

רעכט ביסעל צוטומעלט, פארוועהטאגט, נאר איך לויף. און איך וועל שוין אזוי לויפען ביז'ן טויט אריין, ווען נאר א „ביק" וועט אנפאנגען צו מאכען ערקלערונגען מיט זיין שטאק.

מיט יאהרען שפעטער, נאך מיין טרעמפ לעבען, בעת איך בין געווען א סטודענט אין דעם אוניווערזיטעט פון קאליפארניע, בין איך אמאל געגאנגען אין א צירק. נאך דער פארשטעלונג, שטעל איך זיך אביסעל אפ קוקען ווי עס ארבייט די טראנספארט-מאשינעריע פון א גרויסען צירק. דער צירק האט יענע נאכט געזאלט אפפאהרען. דערוויייל קום איך אן אזוי צו'ן א פייער ארום וועלכען עס זיצען א צוואנציג קליינע איינגלאך. זיצען זיי אזוי און שמועסען צווישען זיך, און איך ווער געוואהר, אז די חברה-לייט ווילען אנטלויפען מיט'ן צירק. די באלעבאטים פונ'ם צירק האבען אבער זיך ניט געוואלט שלעפען מיט אזא כנופיה שקצים; טעלעפאנירען זיי, די באלעבאטים, צו דער פאליצו צו צושטערען זייער פלאן. שיקט מען צו א סקוואד פון צעהן פאליציי-לייט, זיי זאלען ארעסטירען די איינגלאך פאר איבערטרעטען דעם געזעץ ניין א זייגער אויסצולעשען דאס ליכט און געהן שלאפען. די פאליציי-לייט רינגלען ארום דאס פייער און קריכען אזוי צו שטילינקערהייט אין דער פינסטער. לויט א סיגנאל טוהען זיי זיך א הויב, לויפען צו, און כאפען די חברה און טוהען זיי א טראג ווי, למשל, געבונדענע עופות.

איך, פארשטעהט זיך, האב ניט אנגעהויבען צו וויסען, אז די פאליציי קומט; פלוצלונג דערזעה איך ווי פון דער ערד וואקסט ארויס א גאנצע כאפטע „ביקעס" מיט מעשענע קנעפלאך, באפאנצערטע, יעדער מיט אויסגעשטרעקטע הענט. ס'איז אין מיר קיין נשמה ניט געבליבען, אויף די פיס האט איך ניט געקענט איינשטעהן. ס'איז ביי מיר נאר געבליבען דער אוטאמאטישער פראצעס צו לויפען. און איך לויף. איך ווייס אפילו ניט אז איך לויף. איך ווייס ניט קיין זאך. דאס איז געווען, ווי איך האב געזאגט, אוטאמאטיש. איך האב גאר ניט געדארפט געווען לויפען. איך בין שוין ניט געווען קיין טרעמפ. איך בין געווען א בירגער

פון אַט דער קהילה. דאָ איז מיין געבורט־שטעטעל. קיין מעשה האָב איך, חלילה, ניט פאַרשטופּט. איך בין דאַמאָלט געווען אַ סטודענט. אין די צייטונגען פלעגט מען באַגעגענען מיין נאָמען; קליידער האָב איך געטראָגען גוטע, קיין איין מאָל אַפילו אין זיי ניט געשלאָפן. פונדעסטוועגן בין איך געלאָפן — בלינד, ווי אַ משוגע׳נער, ווי אַ איבערגעשראָקענער הירש. און ווען איך בין געקומען צו זיך האָב איך ערשט באַמערקט, אַז איך לויף. איך האָב בפירוש געמוזט אָנשטרענגען מיין ווילן, כדי אָפּצושטעלן מיינע פיס.

ניין, איכ׳ל שוין קיינמאָל דערפון ניט פּטור ווערן. איך קען דערצו גאָר ניט העלפן. שטרעקט אַ „ביק" אויס זיינע הענט — לויף איך. אַ חוץ דעם האָב איך, ווייזט אויס, אַזאַ אומגליקליכן טאַלאַנט אַריינצופאַלן אין טורמע. איך בין אַריינגעפאַלן אין טורמע מעהר מאָל זינט איך בין געוואָרן אויס טרעמפּ, ווי אין דער צייט, ווען איך בין געווען אַ טרעמפּ. עפּעס איינמאָל אַ זונ־טאָג אינדערפריה, פאָר איך אַרויס אויף אַ וועליסאָפּעד־שפּאַציר מיט אַ יונגער פריילין. איידער מיר פאָרן נאָך אַרויס פון די גרעניצען פון דער שטאָט, אַרעסטירט מען אונז פאַר פאַרבייפאָרן אַ פוס־געהער אויפ׳ן טראָטואַר. באַשלים איך שוין צו זיין מעהר פאָרזיכטיג. אַ צווייטען מאָל פאָר איך אויף אַ וועליסאָפּעד ביי נאַכט, טרעפט זיך עפּעס אַ סיבה מיט מיין אַסעטעלין־לעמפּעל. היט איך פאָרזיכטיג דאָס שוואַכע פלעמעל פונ׳ם לעמפּעל כדי ניט איבערצוטרעטען דאָס געזעץ. איך האָב קיין צייט ניט, נאָר איך שלעפּ זיך ווי אַ טשערעפּאַכע, כדי דאָס טונקעלע פלעמעל זאָל אינגאַנצען ניט אויסגעלאָשען ווערען. אַט קום איך צו די גרעני־צען פון שטאָט; איך בין איצט אויסער דער מאַכט פונ׳ם געזעץ; איך טוה זיך אַ לאָז מיט אימפּעט, כדי אַנצויאָגען די פאַרשפּילטע צייט. אַ האַלב מייל ווייטער „פּאַקט" מיך אַ „ביק", און אויפ׳ן צווייטען פריהמאָרגען לאָז איך פאַלען די ערבות אין פּאָליציי גע־ריכט. די שטאָט האָט פאַרעטריש אַרוק געטאָן איהרע גרעניצען אויף אַ גאַנץ מייל ווייטער. איך האָב דערפון ניט געוואוסט, מעהר

ניט. איך געדיינק, למשל, מיין אומבאַשטרייטבאַרע רעכט פון פרייע רעדע אויף פּרידליכע פאַרזאַמלונגען. קריך איך אַמאָל אַרויף אויף אַ קעסטעל אין גאַס כדי אַביסעל אויסצולופטערן יענע עקאָנאָמישע ביהנען, וואָס זומען אַזוי אַרום אַרום מיין היי־טעל*), קומט צו געהן אַ „ביק", נעמט מיך אַראָפּ פונ'ם קעסטעל, פיהרט מיך גאַנץ פיין אַוועק אין פּאָליציי־צירקעל, וואו איך האָב געמוזט איינלייגען אַ געלט־ערבות, כדי פון דאָרט אַרויסגעהן. ווייס איך וואָס: קיין זאַך העלפט ניט. אין קאַרעאַ פּלעגט מען מיך אַלע צוויי טאָג אַרעסטירען. אַזוי איז געווען אין מאַנדזשוריע. ווען איך בין דאָס לעצטע מאָל געווען אין יאַפּאַן, פאַל איך אַריין אין טורמע מיט דעם אויסרייד גאַר, אַז איך בין אַ רוסישער שפּיאָן. איך האָב דאָס, פאַרשטעהט זיך, ניט אויסגעטראַכט, איך בין אָבער פאָרט צוליעב דעם אַריין אין טורמע. ס'וועט מיר שוין קיין זאַך ניט העלפען. ס'איז מיר שוין, ווייזט אויס, באַשערט צו שפּילען די ראָלע פונ'ם שילאָן־אַרעסטאַנט. דאָס איז אַ מין נביאות.

איך האָב אַמאָל פאַרהיפּנאָטיזירט אַ „ביק" אין דעם פּאַרק באָסטאָן קאָמאָנס. ס'איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט און ער האָט מיט מיר געקענט טאָן וואָס ער האָט געוואָלט; און איידער ער האָט מיך אָפּגעלאָזט האָט ער מיר נאָך געגעבען אַ זילבערנע מטבע און אַליין געגעבען דעם אַדרעס פון אַ נאַכטיגען רעסטאָראַן. אין בריסטאָל, ניו דזשורסי, האָט מיך אַ „ביק" געכאַפּט און צוריק אָפּגעלאָזט; גאָט ווייסט דעם אמת, אַז ער האָט געהאַט גענוג גרונד מיך איינזעצען אין טורמע. ער האָט פון מיר געכאַפּט אַזאַ קנאַק, אַז אין זיין גאַנצען לעבען, מעג איך שווערען, האָט ער נאָך פון קיינעם אַזוי ניט געכאַפּט. פּאַסירט האָט דאָס אַזוי. אַרום האַלבע נאַכט „פאַרצוועקעווע" איך אַ פראַכט־צוג, וואָס פאָרט פון פילאַ־דעלפיע. די קאָנדוקטאָרען שליידערן מיך אַרונטער. דער צוג שלעפּט זיך אַזוי פּאַמעלאַך צווישען אַ פּלאָנטער פון רעלסען און אייזענבאַהן ווייכעס אינ'ם פראַכט־וואָקזאַל. „פאַרצוועקע" איך

*) דזשעק לאָנדאָן איז געווען אַ סאָציאַליסט.

דעם צוג נאך אמאל און מען שליידערט מיך ווידער ארונטער. איך האב זיך געמוזט ארויסכאפען און פארען „אינדרויסען": דאס איז געווען א דירעקטער צוג און אלע טירען פון די וואגאנען זיינען געווען צוגעשלאסען און פאר'חתמ'עט.

בעת דער קאנדוקטאר האט מיך דעם צווייטען מאל ארונטערגעשליידערט, גיט ער מיר א גאנצע לעקציע. ער זאגט מיר, אז איך ריזיקיר מיט מיין לעבען, אז דער פראכט־צוג לויפט זעהר שנעל. ענטפער איך איהם, אז איך בין אליין אויך צוגעוועהנט צו פארען שנעל. עס האט אבער ניט געהאלפען. ער טעהנ'ט, אז ער וועט מיר ניט ערלויבען צו באגעהן זעלבסטמארד און איך האב געמוזט אראפטאנצען, מיט'ן קאפ אין דער ערד. איך „פארצוועקעווע" אבער דעם צוג צום דריטען מאל און קריך אריין צווישען די שויץ־קלעצלאך. אט די שויץ־קלעצלאך זיינען געווען די קורצעסטע קלעצלאך, וואס איך האב ווען געזעהען. איך רעד ניט וועגען די אייזערנע שויץ־קלעצלאך, וואס פאראייניגען זיך מיט אזא באהעפטונגס־האקען און קלאפען און רייבען איינס אויפ'ן אנדערן; איך רעד דא פון יענע שפאלען וואס שטארצען ארויס ביי די ברעגען פון די וואגאנען עטוואס העכער פון די שויץ־קלעצלאך. פארט עמיצער אויף די שויץ־קלעצלאך, שטעלט ער זיך אויף אט די ארויסגעשטארצטע ברעגען, איין פוס אויף איין ברעג, דעם צווייטען אויף א צווייטען ברעג, און די שויץ־קלעצלאך קומען אוים צווישען זיינע פיס עטוואס נידעריגער.

די ברעגען אבער אויף וועלכע איך האב זיך איצט ארויפגעכאפט זיינען ניט געווען יענע ברייטע גאסט־פריינדליכע ברעגען, וואס פלעגען געוועהנליך ארויסשטארטשען פון די פראכט־וואגאנען. ניין, זיי זיינען געווען זעהר שמאל — אפשר א צאל אדער אנדערטהאלבען צאל די ברייט. אפילו קיין האלבע פאדעשווע האב איך אויף זיי ניט געקענט ארויפשטעלען. ווידער האב איך ניט געהאט קיין זאך אז וואס זיך אנכאפען מיט די הענט. אמת טאקע, עס זיינען געווען די עקען פון די צוויי פראכט־וואגאנען; די עקען זיינען אבער געווען פלאך און פערפענדיקולאר. ס'איז ניט גע־

ווען קיין הענטלאך, קיין זאך ביי וואס זיך אנכאפען. איך האב נאר געקענט צודריקען מיינע דאלאניעס צו די עקען פון די וואגאנען און זיך אביסעל אויפהאלטען. דאס וואלט אויך גוט געווען ווען איך זאל געווען האבען אויף וואס צו שטעהן. די ארוים־סטארצענדע ברעגען זאלען געווען זיין גענוג ברייט.

בעת דער צוג איז ארוים פון פילאדעלפיע, האט ער זיך אנגעפאנגען הינטערצוויאגען. ערשט דאמאלט האב איך פארשטאנען. וואס דער קאנדוקטאר האט געמיינט מיט'ן זעלבסט־מארד. דער צוג איז געלאפען אלץ שנעלער און שנעלער. דאס איז געווען א דירעקטער פראכט־צוג און זיך אין ערגעץ ניט געדארפט אפשטעלען. אויף יענעם טייל פון דער פענסילווייניע־ליניע ציהען זיך פיער פאר רעלסען און מיין מזרח־צוג האט זיך ניט געדארפט דאגה'ן מאמער ווען איהם אנקומען אנטקעגען א מערב־פראכט־צוג; קיין מזרח־שנעל־צוג האט איהם אויך ניט געדארפט אריבעריאגען. די גאנצע ליניע איז געווען פריי פאר אונזער פראכט־צוג. איך בין געווען אין א זעהר אומזיכערער לאגע. איך בין געשטאנען מיט די שפיץ־פינגער אויף יענע ארויסגעשטארצעטע שמאלע ברעגען און זיך מיט די דאלאניעס אנגעשפארט אויף די פלאכע עקען פון די וואגאנען. און די וואגאנען האבען זיך באוועגט און יעדערער באזונדער אויף אן אינדיווידועלען שטייגער, ארויף און אראפ, אהער און אהין. האט איהר אמאל געזעהען א רייטער אין א צירק, וואס שטעהט אויף צוויי פערד, מיט איין פוס אויף יעדען פערד? אט דאס האב איך טאקע דאמאלט געטאן מיט א פאר אונטערשיידען. דער רייטער אין א צירק האט די לייצען און האלט זיך אן זיי אן, איך האב גארניט געהאט. ער שטעהט מיט דער גאנצער פאדעשווע, איך בין נאר געשטאנען מיט'ן ברעג פון מיין פאדעשווע. ער בייגט איין זיינע פיס, זיין קערפער און דערפון אליין פיהלט ער זיך שוין שטארקער און קריגט א נידעריגערן גראוויטעטס־צענטער און שטעהט דארום פעסטער, איך האב אבער געמוזט שטעהן גלייך, האלטען גלייך מיינע פיס. ער פארט פאראויס מיט'ן פנים, איך פאר מיט דעם פנים צו דער זייט. און ווען ער פאלט

אראפּ, טוהט ער זיך נאר אַ קאַטשע אין זעג־שטויב, איך וואלט אָבער צומאָלען געוואָרען אויף פּיץ־פּיצלאך ווען איך פאל אונטער די רעדער.

און דער צוג לויפט, ברומט און קוויטשעט, הוידעט זיך ווילד ביי יעדער נייער ווענדונג, דונערט אריבער יעדער בריקעל, איין עק וואגאן שפּרינגט אונטער, דער עק פון׳ם צווייטען וואגאן לאזט זיך אראפּ, איינער שטויסט רעכטס אַ צווייטער לינקס. איך האלט אין איין מתפּלל זיין דער צוג זאל זיך אפּשטעלען. דער צוג שטעלט זיך אָבער ניט. ער דארף זיך ניט אָפּשטעלען. דאָס ערשטע, לעצ־טע און איינציגע מאָל האָט מיר דער וועג דערעסען ביז די ביינער. איך פארלאָז די שוץ־קלעצלאך און פּרוביר זיך ארויפכאַפּען אויף אַ זייטיגען לייטערל. די ארבייט איז זעהר אומזיכער. דעם ער־שטען מאָל טרעף איך אָן אַ וואגאָן, וואו מען זאָל אַזוי ניט קענען זיך אנכאַפּען אדער אנשפּארען אַ פוס.

דער לאָקאמאָטיוו טוהט אַ פּייף און איך דערפיל אביסעל אָן אפּהאלט אין דער שנעלקייט פון׳ם צוג. איך וויים, אַז דער צוג דארף זיך ניט אָפּשטעלען נאר איך באַשליס אָבער אראפּטאַנצען אויב נאר דער צוג וועט זיך גענוג אפּהאַלטען. פּונקט אַט דאַ טוהט זיך דער צוג אַ דרעה אויף אַ האלב־קיילעכדיגע ווענדונג, פּאָרט אריבער אַ בריקעל פון עפּעס אַ קאַנאל און שניידט זיך גלייך אריין אין דער שטאָט בריסטאָל. אָט די קאָמבינאַציע פאר־אורזאַכט אַ קלענערע שנעלינקייט. איך טשעפּע זיך אָן אינ׳ם זיי־טיגען לייטער און וואַרט. איך וויים ניט אַז דאָס דערנעהענטערן מיר זיך צו דער שטאָט בריסטאָל. איך וויים אויך ניט צוליעב וואָס דער צוג האלט אָפּ זיין שנעליגקייט. איין זאַך וויים איך: איך וויל אראפּטאַנצען. איך שטרענג אָן מיינע אויגען אין דער פינסטערניש אָפּצוזוכען עפּעס אַ גאַס, וואָס דער צוג שניידט דורך, כדי אהין אראפּצוטאַנצען. מיין וואגאָן איז כמעט געווען אויפ׳ן צווייטען עק פון׳ם צוג און איידער מיין וואגאן איז אריין אין שטאָט איז שוין דער לאָקאָמאָטיוו געווען פון יענער זייט סטאַנציע און אנגעפאַנגען לויפען.

נאָר אָט איז אַ גאַס. עס איז צו פינסטער. מען קען ניט זעהען ווי ברייט זי איז, און וואָס עס טוהט זיך אויף דער צווייטער זייט. איך ווייס, אז איך דאַרף די גאַנצע גאַס אויב איך וויל נאָר בלייבען שטעהן אויף די פיס נאָכדעם ווי איך טאַנץ אַראָפּ. איך וואַרף זיך אַראָפּ אויף דער נעהענטסטער זייט פון גאַס. מיט די ווערטער: „איך וואַרף זיך אַראָפּ" מיין איך אָט וואָס: ראשית, אַזוי ווי איך שטעה אויפ'ן לייטער טוה איך אַ הוידע מיין גאַנצען קערפּער פאָראויס אין דער זעלביגער ריכטונג וואוהין דער צוג לויפט כדי מיין קערפּער זאָל אַ פליה טאָן צוריק וואָס ווייטער ביים אַראָפּלאָזען. אָט אַזוי הוידע איך זיך אַהין און צוריק, אַהין און צוריק און לאָז זיך אָפּ און בעת מעשה גיב איך זיך אַזאַ בויג צו־ריק־צו ווי, למשל, איך זאָל וועלען זיך אויסציהען אויף דער ערד נאָזענדיג. דאָס טוה איך מעהר ניט צוליעב דעם, כדי צו מנצח זיין, אויף ווי פיעל דאָס איז נאָר מעגליך, דעם פאָרווערטס־שטויס וואָס דער לויפענדער צוג טראָגט אַריבער צו מיין קערפּער. ווען מיינע פיס האָבען באַריהרט די ערד איז מיין גאַנצער קערפּער געווען אויסגעבויגען צוריקוועגס אויף אַ פינף־און־פערציג גראַד. אָט אַזוי האָב איך פאַרקלענערט דעם פאָרווערטס־שטויס, און ווען מיינע פיס זיינען אַראָפּ בין איך ניט געפאַלען נאָזענדיג צו דער ערד. מיין קערפּער האָט זיך באַלד אַ גלייך געטאָן און נאָכדעם אָנגעפאַנגען זיך אויסבויגען פאָרווערטס. באמת איז נאָך מיין גאַנצער קערפּער אונטער דער ווירקונג פון אָט דעם פאָרווערטס־שטויס, בעת מיינע פיס פאַרלירען אָט דעם אימפּעט, ווייל זיי באַ־ריהרען די ערד. איך מוז אָבער דעם זעלבען אימפּעט איבערגעבען די פיס אויך — אַ ניט פאַל איך. הויב איך זיי אויף און לויף אַזוי שנעל נאָר ווי מעגליך, כדי זיי זאָלען שטענדיג זיין אונטער מיין קערפּער, וואָס ציהט זיך אַלץ פאָראויס. דער סוף איז געווען, אַז איך בין געפלויגען ווי אַ פייל פון אַ בויגען פון איין עק גאַס ביז דעם צווייטען. איך האָב מורא געהאַט זיך אָפּשטעלען — אַ ניט פאַל איך מיט'ן פּנים צו דער ערד. איך האָב געמוזט לויפען.

אָט אַזוי פליה איך, ניט ווילענדיג, ווי אַ באָמבע פון אַ האַר־

מאט און דאגה וואס אויף דער צווייטער זייט גאס שטעהט, אפשר, חלילה, א שטיינערנע וואנט אדער א טעלעגראף־סלופ. פונקט אין דער רגע טוה איך זיך אן עפעס א קלאפ. א צרה איז מיר! איך דערזעה דאס פונקט אין דער רגע ווען דער אומגליק טרעפט. דאס איז געווען א „ביק“, וואס איז דארטען געשטאנען אין דער פינסטערניש. פאלען מיר אום ביידע, קאטשען זיך איבער איין מאל און נאך א מאל; דער אוטאמאטישער פראצעס איז אויף אזוי פיעל געווען אנטוויקעלט אין אט דער געמיינער בריאה, אז ווי נאר מיר האבען זיך צובוצקעט, האט ער מיר גלייך אנגעכאפט און מיך שוין די גאנצע צייט ניט ארויסגעלאזט פון די הענט. ביידע האבען מיר געכאפט א רעכטען בענטש, און ווען ער האט זיך אויפגעשטעלט, האט ער נאך אלץ צוגעהאלטען א טרעמפ, פריי־עדליך ווי א לעמעלע.

אויב דער „ביק“ האט פארמאגט עפעס אביסעל פארשטעלונגס־קראפט, האט ער מיך געמוזט באטראכטען פאר א רייזענדען פון פרעמדע עולמות, פאר א מענשען פונ׳ם שטערן מארס, וואס איז נאר וואס אראפגעפאלען; אין דער פינסטער האט ער מיך ניט געזעהען אראפטאנצען פונ׳ם צוג. זיינע ערשטע ווערטער זיינען טאקע געווען: „פון וואנען ביסטו אהער אראפגעפאלען?“ נאכ־דעם האט ער א זאג געטאן: „איך האב שטארק בדעה דיך ארייג־פאקען“. דעם לעצטען גדאנק, גלויב איך, — האט ער ארויסגע־זאגט אוטאמאטיש. באמת אבער האט דער „ביק“ געהאט א גוט הארץ, ווייל נאכדעם ווי איך האב איהם דערצעהלט א „פזמון“ און אביסעל געהאלפען אפרייניגען זיינע מלבושים, האט ער מיר געגעבען צייט ביז׳ן נעקסטען פראכט־צוג אפצופארען פון שטאט. איך האב אבער אויסגענומען צוויי תנאים: ראשית, מוז דער צוג זיין א מזרח־צוג, צווייטענס, טאר דאס ניט זיין קיין דירעקטער פראכט־צוג מיט אלע טירען פאר׳חתמ׳עט און פארשלאסען. ער האט דערצו אויך מסכים געווען. אט אזוי בין איך נצול געווארען פון טורמע אויפ׳ן גרונד פון דעם בריסטאלער אפמאך.

אט דערמאן איך זיך נאך א נאכט, טאקע אין יענעם געגענד,

וואו איך בין נצול געווארען, זיך ארויסגעגליטשט פון א צווייטען „ביק". ווען איך טרעף אַט דעם „ביק" צוקוועטש איך איהם, ווייל איך בין געפלויגען פון אויבען אראָפּ, זיך ניט אַנגעהאַלטען אַן קיין זאך, דערצו נאך זיינען עטליכע אנדערע „ביקעס" געווען סך־הכל איין שפּאַן הינטער מיר, גרייט מיך א כאַפּ צו טאָן. פּאַסירט האָט דאָס אַזוי. דאַמאַלט האָב איך געוואוינט אין עפּעס א שטאָל אין וואשינגטאָן. אַלייז בין איך מיר געווען דער „באַלעבאָס" איבער דער גאַנצער שטאָל, און דערצו האָב איך געהאַט א סך דערעס פון די פערד. פאַר אַזא באַקוועמליכקייט פלעג איך אַלע אינדער־פריה אַכטונג געבען אויף די פערד. איך וואָלט דאַרטען נאָך געווען און געווען ווען ניט די „ביקעס".

עפּעס איינמאָל אין אָבענט, ארום ניין א זייגער קום איך אין שטאָל אריין שלאָפען און טרעף דאָרטען א צוהיצטע חברה שפּילען אין קאַרטען. דאַמאַלט איז גראד געווען א מאַרק־טאָג און אַלע נעגערס האָבען געהאַט געלט. ס'וואָלט ניט געווען שלעכט אָפּצור־מאַלען דעם גאַנצען פּלאַץ. דער שטאָל איז ארויסגעגאַנגען אויף צוויי גאַסען. איך קום אריין דורכ'ן פראַנט, געה דורך דעם קאַנ־טאָר און כאַפּ זיך אריין אין עפּעס א מין דורכגאַנג צווישען צוויי רייהען שטאַלען אין דער גאַנצער לענג פון דער געביידע. וואָס פיהרט ביז דער צווייטער גאַס. אין סאַמע מיט פון אַט דעם דורכ־גאַנג, ביי דער שיין פון א גאַז לעמפּעל, צווישען רייהען פערד, זיינען געווען ארום פערציג נעגערס. געה איך אויך צו זיי צו און שטעל זיך קוקען. איך בין אַן עני־וואביון, שפּילען קען איך ניט. עפּעס איינעם א נעגער האָט דאָס מזל געהאַלטען אין איין שיינען: מיט יעדען קאָן האָט זיך זיין באַנק פאַרגרעסערט אויף צוויי מאָל אַזוי פיעל. א היבשע ביסעל מטבעות זיינען געלעגען אויף דער ערד. ס'איז פּשוט געווען באַצויבערענד. מיט יעדען גאַנג האָט יענער נעגער, דער באַנקיר, אַלץ מעהר שאַנסען פאַרלאָרען צו געווינען. די אויפרעגונג איז געווען א געוואַלדיגע. פּונקט דאַמאַלט האָבען מיט א דונער זיך אויפגעפּראַלט ביידע גרויסע טירען, וואָס האָבען זיך געעפענט צו דער הינטער־גאַס.

עטליכע נעגערס האבען זיך א שאט געטאן צו דער צווייטער טיר. איך שטעל זיך אפ אויף א רגע'לע און טוה א כאפ א זשמעני נעלט פון דער ערד. דאס איז ניט קיין גנבה: אזוי איז דער מנהג. ווער ס'איז נאר ניט געלאפען האט געכאפט. דורך די אויפ־געפראלטע טירען שפארען זיך אריין א גאנצע מחנה „ביקעס". מיר לאזען זיך צו דער צווייטער טיר. אין קאנטאר איז פינסטער און דורך דעם שמאלען טירעל קענען מיר אלע מיט אמאל ניט ארויס אין גאס. ארום טירל איז געווארען געדיכטלאך. עפעס א נעגער טאנצט ארויס דורך א פענסטער, שלעפט מיט דעם ראהם; נאך איהם טאנצען אנדערע נעגערס. הינטער אונז צוועקעווען שוין די „ביקעס" ארעסטאנטען. איך און עפעס א לאנגער נעגער טוהען זיך א לאז צו דער טיר, ביידע מיט א מאל. ער איז א סך העכער און שטארקער פון מיר, טוהט ער מיך א דרעה און לויפט ארויס דער ערשטער. אין דער רגע טוהט מען איהם א כמאליע איבער'ן קאפ מיט א פאליציי שטאק און ער פאלט אום ווי א געקוילעטער אקס. אז אנדער מחנה „ביקעס" האבען געווארט אויף אונז פון דרויסען. מיט די הענט, האבען זיי געוואוסט, קענען זיי אונז ניט אפהאלטען, האבען זיי געארבייט מיט די שטעקענס. איך קוליע זיך איבער אויפ'ן געפאלענעם נעגער, טוה זיך טאקע אויף איהם א דרעה, כאפ זיך דורך צווישען די פיס פון א „ביק" און בין שוין פריי. נרינו, האב איך דאס געמאכט א ויברח! פאראויס פאר מיר איז געלאפען עפעס א דארינקער מולאטעל, טוה איך זיך א נעהם אין זיין ריכטונג. די שטאט האט ער געקענט בעסער פון מיר, און געוואוסט האב איך, אז וואו ער לויפט איז גוט. ער האט אבער געמיינט אויף מיר, אז דאס לויפט איהם נאך א „ביק". הינטער זיך האט ער ניט א קוק געטאן. ער איז געלאפען. א נע־זונטער בין איך געווען מיט געזונטע לונגען, לויף איך הינטער איהם און שטעל זיך ניט אפ אויף א רגע. ער איז שיער ניט צוזעצט געווארען לויפענדיג. ענדליך הויבט ער אן צו הינקען, פאלט אויף די קניע, ווי איינער רעדט, איך בין ביי דיר אין די הענט, טוה מיט מיר וואס דו ווילסט. ווען ער האט אבער אנטדעקט, אז איך

בין ניט קיין „ביק“, בין איך פון זיינע הענט נצול געווארען נאר דערפאר, וואס ער איז געבליבען אהן אטעם.

אט דערפאר בין איך אוועק פון וואשינגטאן — ניט צוליעב'ן מולאט, נאר צוליעב די „ביקעס“. איך בין אוועק צום וואקזאל און ארויפגעטאנצט אויף דער ערשטער בלינדער פלאטפארם פון א פענסילוואניע שנעל־צוג. ווען דער צוג האט אנגעפאנגען צו געהן ווי עס באדארף צו זיין און איך האב באמערקט זיין שנעלינקייט, איז מיר געווארען עפעס קאלעמוטנע אויפ'ן הארצען. דאס איז געווען א ליניע פון פיער פאר רעלסען, וואו דער צוג שעפט אן וואסער לויפענדיג. באקאנטע טרעמפס האבען מיר געווארענט נאך מיט א צייט צוריק קיינמאל זיך ניט ארויפכאפען אויף דער ערשטער פלאט־פארם פון א צוג, וואס שעפט אן לויפענדיג וואסער. איך וויל דאס דא ערקלערען. צווישען די רעלסען זיינען דא פלאכע מעטאלענע קארעטקעס. בעת דער לאקאמאטיוו לויפט זיך זיין וועג איבער אט די קארעטקעס, לאזט זיך אראפ אין זיי אזא איינגעבויגענע רינע. דער רעזולטאט איז, אז די וואסער לויפט אריין דורך אט דער רינע און פילט אן דעם קעסעל.

זיץ איך אזוי אויף דער בלינדער פלאטפארם ערגעץ אויפ'ן וועג צווישען וואשינגטאן און באלטימאר און דערפיל עפעס א דינינקער שפרייעלע פאנגט אן אנצופילען די לופט. וואס הארט דאס מיך? און ס'קומט מיר ארויף אויפ'ן געדאנק, אז דאס שעפען וואסער לויפענדיג איז גאר ניט אזוי שלעכט און ס'איז גאר א נעכטיגער טאג דער גאנצער טאראראם וועגען אט דעם ענין. וואס פאר א באטרעף האט אזא קליין שפרייעלע? נאכדעם האב איך אנגעהויבען צו באוואונדערן די גאונות פון דער ערפינדונג. אט דאס הייסט אן אייזענבאן! וואס פאר א פארגלייך איז דאס מיט דיינע פרימיטיווע מערב־אייזענבאנען, ווען — פונקט דאמאלט איז דער קעסעל פול געווארען און די קארעטקעלאך זיינען מיר נאך ניט געהאט אריבערגעפארען. א שטראם וואסער איז אריבער געפלא־סען פונ'ם קעסעל גלייך אויף מיר. איך בין דורכגענעצט געווארען ביז די ביינער ווי איך וואלט נאר וואס געוועז ארויס פון א טייך.

דער צוג קומט צו קיין באַלטימאָר. ווי דער שטייגער איז אין די גרויסע מזרח־שטעט ציהט זיך די אייזענבאַהן ליניע דורך דער שטאָט עטוואָס נידעריגער פון די גאַסען אויף אַ מין איינגעגראָ־בענעם וועג. אַט געהט שוין דער באַן צו צום באַלויכטענעם וואָקזאַל. איך קאַרטשע זיך צונויף ווי נאָר איך קען אויף מיין פּלאַטפאָרם. באַמערקט מיך אָבער אַן אייזענבאַהן זשאַנדאַר און פאַנגט מיך אָן צו יאָגען. צו איהם שטעהען צו נאָך אַ פּאָר. מיר זיינען שוין אויף יענער זייט וואָקזאַל און איך לויף גלייך מיט די רעלסען. דאָ בין איך עפּעס אין אַ מין פּאַסטקע. אויףביידע זייטען פון דער ליניע שטעהען הויכע ווענט. ווען איך פאַנג למשל אָן צו קלעטערן און עס גיט זיך מיר ניט איין — פאַל איך דאָך גלייך אריין צו די „ביקעס" אין די הענט. לויף איך אַלץ און לויף, זוך אויף די ווענט טאָמער וועל איך געפינען עפּעס אַ באַקוועם פּלאַץ ארויפצו־קלעטערן. ענדליך דערזעה איך אַזאַ פּלאַץ. דאָס איז געווען אויף דער צווייטער זייט פון אַ בריקעל וואָס האָט פאַראייניגט די איבער־געהאַקטע גאַס. איך קלאַמער זיך איין אַן דער וואַנט מיט די הענט און פיס און קלעטער. נאָך מיר קלעטערן די דריי אייזענבאַהן „ביקעס".

אויבען בין איך געבליבען שטעהן אויף עפּעס אַ ליידיגען פּלאַץ. אויף איין זייט איז אַט דער פּלאַץ געווען אָפּגעטיילט פון דער גאַס מיט עפּעס אַ נידעריגער וואַנט. זיך צוקוקען און אויס־פאָרשען איז ניטאָ קיין צייט. איך לויף צו דער וואַנט און טוה אַ שפּרונג. און טאַקע אַט דאָ בין איך אַזוי נבהל ונשתומם גע־וואָרען ווי נאָך קיינמאָל ניט אין מיין גאַנצען לעבען. געוועהנטליך קלערט מען אַז אַ וואַנט איז אויף דער צווייטער זייט אַזוי הויך ווי אויף דער פעדערשטער. אַנדערש איז אָבער געווען אַט די וואַנט. דער לעערער פּלאַץ איז געווען פיעל העכער פון דער גאַס־פּלאַכע. אויף מיין זייט איז די וואַנט טאַקע געווען נידעריג, אויף דער צווייי־טער זייט — מילא, איך טאַנץ אריבער, האַלט זיך אין גאָר ניט אָן און מיר דוכט איך פאַל און פאַל ערגעץ אין אַן אָפּגרונט. אונטען, אויפ'ן טראָטואַר אונטער דער שיין פון אַ גאַסען־לאָמפּ איז גע־

שטאנען א „ביק“. איך גלויב, ס'איז געווען א צעהן פוס ביז'ן טראטואר, נאר אינ'ם אימפעט פליהענדיג אין דער לופטען, האב איך געמיינט, אז ס'איז צוויי מאל אזוי פיעל.

איך גלייך זיך אוים און קוק ארונטער. אין אנפאנג האב איך געקלערט אז איך פאל גלייך אויפ'ן „ביק“. מיינע קליידער האַבען איהם טאקע אביסעל באריהרט, בעת איך בין אראפ מיט אזא עקספלאדירענדען אימפעט. איך חדוש זיך פארוואס ער איז ניט געבליבען טויט אויפ'ן ארט פאר שרעק, מחמת ער האט אפילו ניט געהערט בעת איך האב אראפגעטאנצט. דא האט זיך ווידער איבערגע'חזר'ט די קונץ פונ'ם מארס-מענשען. דער „ביק“ האט זיך ניט א כאפ געטאן, ער האט זיך נאר א רוק געטאן אן א זייט, ווי א פערד פון אן אוטאמאביל; ערשט נאכדעם האט ער זיך נאך מיר א לאז געטאן. איך שטעל זיך אבער ניט אפ צו ערקלערען די זאך, לאז דאס איבער צו מיינע פארפאלגער, וועלכע זיינען גלייך נאך מיר אראפגעשפרונגען. איך האב ארויסגעיאגט פון זיך די נשמה. איך לויף פארביי איין גאס, א צווייטע, פארדרעה אין א דריטער און בין אויסגעטרוקענט געווארען.

הכלל איך האב פארטאכלעוועט א פאר מטבעות פונ'ם געלט, וואס איך האב אויפגעקליבען ביי דער שפיל, צו'פטר'ט א שטונדע צייט און בין צוריק אוועק צום אייזענבאהן-איינשניט ניט ווייט פון די וואקזאל-לאמפען. איך ווארט שוין אויף א צווייטען צוג. איך האב זיך אביסעל בארוהיגט, נאר צוליעב מיינע נאסע בגדים האט מיר אנגעהויבען צו קלאפען א צאן אן א צאן. ענדליך איז אנגעקומען א צוג צו דער סטאנציע. איך ווארט אביסעל צו אין דער פינסטער און כאפ זיך ארויף אויפ'ן אפגעהענדען צוג, ביז שוין איצט פארזיכטיג און זיץ שוין אויף דער צווייטער בלינדער פלאטפארם. איך האב שוין גענוג וואסער געשעפט לויפענדיג. פערציג מייל איז דער צוג אפגעלאפען ביז דער ערשטער סטאנציע. איך געה אראפ אויף עפעם א ליכטיגען וואקזאל, וואס איז מיר מאדנע באקאנט. איך בין צוריקגעקומען קיין וואשינגטאן.

אינ'ם רעש אין באלטימאר, בעת איך האב זיך אזוי געדרעהט

איבער די גאסען אהער און אהין, אנטלויפענדיג פון דער פאליציי, בין איך צוטומעלט געווארען. דעם צוג האב איך געכאפט אין א פארקערטער ריכטונג. איך האב פארלוירען א גאנצע נאכט, בין כאס געווארען דורך־און־דורך, זיך ארומגעיאגט און אנטלאפען פונ'ם טויט, און נאך די אלע צרות און שלעק בין איך ערשט ווידער דארט פון וואנען איך בין אנטלאפען. אך נייז, דאס לעבען אויפ'ן וואנדער וועג איז ניט קיין צוקער־לעקאכל. איך בין שוין אבער צוריק אין שטאל ניט געגאנגען. איך האב דארט א כאפ געטאן א היבשע מטבע, און ס'האט זיך מיר ניט געגלוסט זיך צו רעכענען מיט די נעגערס. כאפ איך דעם נעקסטען צוג. איבערבייסען האב איך שוין געגעסען אין באלטימאר.

**ע נ ד ע**

